


# מאיר קאַסטאָף



## דער "בחור הזעצער"

1885 50 1935

יאָר

ISBN:0-657-04724-4

# 50 יאָר לעבן

## זאַמלבוך

געווידמעט

## מאיר קאַסטאָף

צו זיין 50 - יאָריקן געבורטסטאָג

ארויסגעגעבן פון

מאיר קאַסטאָף יובילײ - קאָמיטעט

ניו־יאָרק, 1935

# דערקלערונג

מיט פרייד און פארגעניגן גיט דער יובילײ־קאָמיטעט ארויס דעם זאַמלבוך, לכבוד חבר מאיר קאַסטאָפּס פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג.

דער קאָמיטעט וויל קודם־כל באַגריסן דעם יובילאַר צו זיין יום־טוב. די חברים פון קאָמיטעט וויסן, אַז חבר קאַסטאָף האָט טריי געדינט די אידישע און אַרבעטער־אינטערעסען, און זיינע טעטיקייטען אויף פאַרשיידענע געביטן שפּיגלען אָפּ, ביז אַ געוויסער מאָס, דאָס אידיש־געזעלשאַפטלעכע, קולטורעלע און אַרבעטער־לעבן אין משך פון די לעצטע דרייסיק יאָר.

צו די העכער פופציק באַטייליקטע אינם יובילײ־בוך: שריפטשטעלער, זעצער, קולטור־טוער, אַרבעטער־פירער, חברים און פריינט, וועמעס מיטאַרבע־טערשאַפט אינם זאַמלבוך איז אַן אויסדרוק פון פריינטשאַפט צום יובילאַר — צו זיי אַלעמען אונדזער האַרציקסטן דאַנק!

ספּעציעל ווילן מיר אָפּגעבן אַ דאַנק צו די זעצער, וואָס האָבן — אַלס אויס־דרוק פון קאָלעגיאַליטעט און פריינטשאַפט צו זייער וויס־פּרעזידענט פון דער יוניאָן — פרייוויליק געזעצט, רעדאַגירט און צוזאַמענגעשטעלט דעם זאַמלבוך, כדי ס׳זאָל קאָנען דערשיינען מיט די מינימאַלסטע קאָסטן. אַ באַזונדערן דאַנק צום הויפּט־רעדאַקטאָר פונם קאָלעגיום, נ. פּאָמעראַנץ, ווי אויך צום באַוואוסטן קינסטלער שאול ראַסקין, וועמעס צייכנונג אויפן „קאָווער“ איז אַ מתנה צום יובילאַר, און אויך אַ דאַנק דעם אַרטיסט ל. מאַרקאָוויטש (פון „טריאָ פּרעס“) פאַר מאַכן דעם „קאַט“ צו דערזעלביקער צייכנונג.

צוליב דעם וואָס אַ גרעסערע צאָל זעצער האָבן זיך באַטייליקט אינם זעצן דאָס זאַמלבוך, און זיי האָבן עס געזעצט אין פאַרשיידענע דרוקערייען, איז, ניט קוקנדיק אויף אַלע אָנשטרענגונגען, געווען שווער אָנצוהאַלטן אַ גאַנץ־אויסגע־האַלטענע, שטריינג־איינהייטלעכע אָרטאָגראַפיע, און אויך אַן איינהייטלעכן שריפט. אָבער, אויף ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך געווען, האָבן די זעצער דאָך פּרובירט אָנהאַלטן די ניי־מאָדערנע אָרטאָגראַפיע, לויט די כללים און תקנות, וואָס זיינען לעצטנס אָנגענומען געוואָרן.

מיר האָפן, אַז אָט דער באַשיידענער אויסדרוק פון אָנערקענונג וועט חבר קאַסטאָפן געבן פרישע ענערגיע ווייטער אָנצוגיין מיט זיין פרוכטבאַרער טעטיקייט אויף אלע געביטן, וואָס זיינען אים טייער, פאר נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

פאר דעם איניציאַטיוו קאָמיטעט,
מ. פישער, סעקרעטאר

# יובילײ-קאָמיטעט:

י. אַדלער
י. אונגער
ד. איזאַקאָוויץ

ש. ה. אײבעלס
א. אלמי
נ. אפרת

מ. אַראָנסאָן
צ. א. אריאל
נ. אַרקוס

ס. באָנטשעק
ש. בורשטײן
ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

דר. יהושע בלאָך
ה. בלום
דר. ש. בערנשטײן

ב. צ. גאָלדבערג
ב. י. גאָלדשטײן
מ. גאַנזבערג

ס. גאָרמאַן
פ. גינגאָלד
שאול גינזבורג

דר. י. גראָסמאַן
מ. דאַנצים
א. דובין

ס. דינגאָל
נ. דראָשער
אלכסנדר האַרקאַווי

א. העמלין
ש. װינער
ד. װערבעלאָװסקי

ד. װערטהײם
מ. א. זעלדין
י. חײקין

ה. טאַטאַרסקי
י. יאַקובאָװיטש
א. ליעסין

נ. ב. לינדער
מ. ליבמאַן
ד. מאַנדעל

א. מאַיראָװיטש
דר. ש. מאַרגאָשעס
ל. מאַרקאָװיטש

מ. מאָשעװיצקי
ה. מוסין
ה. מישקינד

מ. מכתם
ש. ניגער
דר. מ. סאָלטעס

מ. סאַװיצקי
ב. סאַנדעראָװ
ל. סיגאל

מ. סיגעל
י. סלאָנים
ל. סלעװין

װ. עדלין
ל. ערעלמאַן
דוד פינסקי

נ. פּאַמעראַנץ
ב. י. פּערלמוטער
ב. פילדאָס

מ. פײנסטאָון
מ. פישער
מ. פעניעס

ד. צוקער
ש. ז. צוקערמאַן
צ. קאַליסקי

ס. קאַפּלאַן
פּ. קרוזאָ
מ. שטאַרקמאַן

דר. מ. ל. ראָזאָף
נ. ראָזענאַװער
מ. ראָזענמאַן

שאול ראַסקין
א. ראַפּאָפּאָרט
צ. ה. רובינשטײן

א. שאולזאָן
ש. שאַפּירא
ז. שוסטער

י. י. שװאַרץ
יוסף שלאָסבערג
ש. פּ. שעהנפעלד.

---

# איניציאַטיװ-קאָמיטעט:

צ. א. אריאל
ה. בלום
א. דובין
א. העמלין
ל. סיגאַל

ב. י. פּערלמוטער
צ. קאַליסקי
מ. ראָזענמאַן
ש. שאַפּירא.
ש. פּ. שעהנפעלד.

מ. פישער, סעקרעטאַר, 404—4טע עװעניו, ניו יאָרק.

פיר

# אינהאַלט:



פינה

## פון ארבעטער פירער, געזעלשאפטלעכע טוער, פריינט, חברים און אינסטיטוציעס



**באַגריסונגען :**



זעקס

מאיר קאַסטאָף

# פון אַ פאַרגאַנגענער עפּאָכע

(א קאַפּיטל זכרונות)

ניט לשם מקיים צו זיין די מצוה פון יובילעי־פייערונג האָב איך פאַר־צייכנט דאָס קאַפּיטל זכרונות פון מיין לעבן, וועלכע ווערן דערציילט אין די פאָלגנדע עטלעכע בלעטלעך. אויך ניט ווייל איך שטעל אַזוי הויך דעם העלד פון די דאָזיקע זכרונות און האַלט אז ס'איז כדאַי די וועלט זאָל וויסן פון אַלץ וואָס ער האָט דורכגעמאַכט און איבערגעלעבט. איך האַלט עס פשוט פאַר אַ חוב. עס איז אַן אידייע וואָס איך פריידיק שוין לאַנג און אויך אוועקגעלייגט אַ סך מי פאַר איר פאַרווירקלעכונג, — די אידייע פון ברענגען דעם אידישן זעצער — דעם „בחור הזעצער" — צום אויסדרוק, צו מאַכן אים דערציילן פון זיין לעבן און זיין ארבעט.

עס איז אַ פאַקט, אַז די אידישע זעצער זיינען געווען כמעט די ערשטע אויף דער אידישער גאַס צו פאַרווירקלעכן דעם יוניאַן־געדאַנק; זייערע יוניאָנס זיינען שטענדיק געווען די שטאַרקסטע און בעסט־אָרגאַניזירטע. די אידישע זעצער זיינען כמעט אַלעמאָל געווען די טרעגער פון סאָציאַליסטישן געדאַנק און אַרבעטער־אָרגאַניזירונג אויף דער אידישער גאַס. זייער לעבן איז געווען פאַר־בונדן מיט די ערשטע אַרבעטער־באַוועגונגען צווישן אידן. אַזוי איז אויך זייער אַרבעט ענג פאַרבונדן מיט דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער אידישער און העברעאישער פּרעסע און ליטעראַטור. דער זעצער איז עס דער, וואָס פאַראייביקט דאָס געשריבענע וואָרט פונם דיכטער און דענקער אין דער פאָרם פון געדרוקטן בוך אָדער צייטונג. ער שטייט שטענדיק צווישן דעם יחידישן שאפער און די ברייטע מאסן. באזונדערס אָבער איז אָט די פאַר־מיטלונגס־ראָלע געווען וויכטיק ביים אידישן זעצער זינט דעם אויפבלי פון דער פּרעסע און מאָדערנעם אידישן בוך. צייטנווייז איז ער געווען, אין א געוויסער מאָס, אַ שותף ליצירה, און די קורצע אָבער ראַשיקע אַנטוויקלונג פון דער אידישער זעצעריי איז אייגנטלעך פּאַראַלעל צו דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער פּרעסע און ליטעראַטור. ער האָט דעריבער אַ סך צו דערציילן, ווען ער וואָלט נאָר געוואָלט און אָפּגעשאַצט געהעריק דעם היסטאָרישן ווערט פון די מאַטעריאַלן אין דער פאָרם פון זכרונות וואָס ער טראָגט מיט זיך אין קאָפּ.

אין דעם קאַפּיטל זכרונות וואָס איך ברענג דאָ, וועל איך זיך דערווייל באַגרענעצן מיט מיינע איבערלעבענישן אין רוסלאנד, ביז צו מיין קומען קיין אַמעריקע — א ניי לאַנד און א ניי לעבן, אָבער באַהויכט מיט די זעלבע אידעאַלן וואָס האָבן צו יענער צייט אויפגעשטורעמט דאָס אידישע לעבן אין רוסלאַנד. איך וויל זיך אויך באַמיען באזונדער צו דערמאָנען מיינע באַגעגענישן מיט אידישע זעצער־טיפּן, מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו ארבעטן צוזאַמען אָדער וועגן וועלכע איך האָב געהערט פון מיינע חברים און מיטאַר־בעטער.

זאָל דאָס דאָזיקע באַשיידענע ביכל — און דער קליינער טייל פון מיינע זכרונות אין אים — דינען אלס ביישפּיל און אָנהויב פאר דער פאַרווירקלעכונג פון דער דאָזיקער אידייע אין איר גאַנצקייט, ד. ה., אין דעם שאַפן פון א פולשטענדיקן „בוך וועגן אידישע זעצער" מיט אַ ביאָגראַפישן לעקסיקאָן, וואו דאָס לעבן און ארבעט פון דעם אידישן זעצער אין דעם איצטיקן שטורעמדיקן דור זאָל קומען צום אויסדרוק, אַ לעבעדיקער בייטראג צו דער געשיכטע פון די סאָציאַלע באַוועגונגען און די אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור און פּרעסע אויף דער אידישער גאַס.

* * *

געבאָרן בין איך אין יאָר 1885, אין פּאָלאָצק, וויטעבסקער גובערניע, אין א אָרימער שניידער־פאַמיליע, אַ צווייג פון אַ ברייטער אַרבעטער־משפחה פון דורות. מיין מוטער — די גוטסקייט אליין, מיין פאָטער — געהאַלטן פאר א שטיקל קמצן אין דער היים, אָבער צו דערזעלביקער צייט געווען גרייט תמיד אָפּצוגעבן זיין לעצטן גראָשן פאַר א נויטבאַדערפטיקן פרעמדן; שטרענג פרום, און צו דערזעלביקער צייט מיט אַן אייגענעם און אייגנאַרטיקן בליק אויפן לעבן; א רייכע פּערזענלעכקייט און א זעלבסט־אויסגעאַרבעטער כאַראַקטער. ער אליין איז געווען א יתום פון קינדהייט אָן און האָט מיט די אייגענע הענט זיך דורכ־געשלאָגן זיין וועג אין לעבן און אויסגעארבעט זיך זיין אייגענע לעבנס־פילאָ־זאָפיע. און אזוי האָט ער זיך אויך באַמיט מיך צו דערציען. ניט נאָר אין חדר אין ישיבה, מיך באַזאָרגט מיט די בעסטע מלמדים פון שטאָט, פאַר וועלכע ער האָט פון זיך אָפּגעשפּאָרט ממש דעם ביסן פון מויל, און וועלכע האָבן אים אויך געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אז איך „וואַקס ב"ה א כלי", נאָר אויך אין כאַראַקטער און מדות האָט ער געהאַלטן אין איין וואַכן איבער מיר. אליין איז ער געווען א חסיד, אַ חב"ד'ניק, אָבער צוליב מיר איז ער געגאַנגען דאַוונען אין דעם בעל־מלאכה'שן בית־מדרש, וואו מ'פלעגט אויך לערנען א פּרק משניות אָדער עין־יעקב. אליין אַן אַרבעטער, אַ האָרעפּאַשניק כל ימיו, האָט ער געוואָלט אַז אויך איך, מיט דער גאַנצער צוקונפט וואָס די מלמדים מיינע האָבן אים נביאות געזאָגט אויף מיר, זאָל זיך אויפבריינגען אין דער פשוטער סביבה פון בעלי־מלאכות מיט זייער תמימות'דיקער און האַרציקער פרומקייט און

מענטשלאכקייט. דאָרט פלעגט ער מיר אויך געבן פאַרשיידענע מוסר־ספרים ארייַנצוקוקן אין זיי, א חוץ דעם געוויינלעכן סדר הלמוד אין חדר און ישיבה.

אַזוי, למשל, האָט מיין פאָטער שוין געזאָרגט, אַז איך זאָל ארומלויפן כמעט יעדן פרייטיק איבער די הייזער פון פארשיידענע בעלי־מלאכות, צונויפזאַמלען די אָרימע שכירות פאַר דעם מלמד, וואָס האָט געלערנט משניות מיטן עולם אין אונזער בעל־מלאכה׳שן שולכל. ארום צען־עלף יאָר בין איך דעמאָלט אַלט געווען, און איך געדענק נאָך די שמחה וואָס האָט מיך באַהערשט, ווען עס איז מיר געלונגען צוזאַמענצוקלייבן די געהעריקע סומע פאַרן קהל׳שן מלמד.

ער, דער פאָטער מיינער, האָט אויך געוואָלט, אז איך זאָל זיין א בעל־קורא און געלערנט מיך צו זיין תמיד גרייט און אויפן אָרט ווען מען וועט מיך דארפן. דאָס פלעגט מיך מאכן ארומלויפן איבער די שולן און בתי־מדרשים פון אונזער גרויסן שול־הויף יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אינדערפרי, און אויך



פאָטער און מוטער, ברודער און שוועסטער פון מ. קאָסטאָף (קאָצטאָוו). — בילד גענומען אין 1904

שבת צו מנחה צו „לייענען" אומעטום וואו מען דאַרף. ער האָט מיך תמיד געלערנט, אז ס׳איז פאַראַן אַמאָל עניוות וואָס איז אזוי שלעכט, און טיילמאָל ערגער, פון גאוה; איז מילא, פאַר זיך ווי פאַר זיך, אָבער ווען עס האַנדלט זיך אין א חסד טאָן ווען עס איז, אדער אין א טובת־הכלל זאַך, טאָר דער מענטש קיין עניו ניט זיין, נאָר גיין פאָראויס, אויב ס׳איז קיין אנדערער ניטאָ, און דינען ווי א ביישפּיל פאַר אַנדערע. זעלבסט־ביטול ברענגט שאָדן אין יעדער כלל־ארבעט און דער סוף איז, אַז ער גראָבט ביים מענטש אויך אונטער זיין אַכטונג־געפיל פאר אנדערע און זייערע אויפטואונגען.

איידער איך בין צום ערשטן מאָל אוועקגעפאָרן פון דער היים, געדענק איך, האָט ער מיר געגעבן א קליין איינגעבונדן ביכעלע מיט ליידיקע ווייסע בלעטלעך, און מיר געזאָגט: „זעסטו, מיין זון? דאָס ביכעלע איז דאָס לעבן פון אַ מענטש: פון איין זייט, דער ערשטער טאָוול, איז דער אָנהויב; פון דער צווייטער זייט, דער צווייטער טאָוול, איז דער סוף, און אין מיטן — זיינען די ליידיקע בלעטלעך, וואָס דער מענטש קען אין זיי ארייַנשרייבן וואָס ער

וויל...״ אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך אין אַ מענטשן, וואָס האָט אליין זיך אויסגעארבעט, מאַטעריעל און גייסטיק, פון קינדווייז אָן, אליין זייער פאָרזיכ־טיק אָנגעשריבן זיין לעבנס־בוך. ער האָט דאָס אין מיר פון מיין יוגנט אָן איינ־געפלאַנצט דעם הייליקן פליכט־געפיל פאר כלל־ארבעט.

פון מיין פאָטער האָב איך אויך גע׳ירש׳נט די ליבע צו ספרים און צום גע־דרוקטן וואָרט אין אלגעמיין. מיין פאָטער פלעגט האַלטן אין איין איינקויפן ספרים, „מציאות״, ביי די ארומוואנדערנדיקע מוכרי ספרים („פּאקען־טרעגער״, ווי מ׳האָט זיי גערופן), וועלכע פלעגן צו יענער צייט ארומוואגלען איבער די אידישע שטעטלעך און זייער סחורה פאַרקויפן אין די שולן. מיט א גוואַלדיקער ליידנשאפט פלעגט ער קויפן די מציאות פאַר זיינע לעצטע פאָר גראָשן, און אלץ—„פאַר די קינדער״. די דאָזיקע ספרים האָבן ביי מיר תמיד ארויסגערופן א ספּעציעלן רייץ, און נאָך אלס קינד האָב איך פּרובירט זיך צו חקר׳ענען מיט מיין קינדישן מח, ווי אַזוי ס׳ווערט געמאַכט אַ בוך, ווי אַזוי מען שטעלט דאָס צוזאַמען די אותיות און די שורות. די דאָזיקע קינדישע נייגעריקייט האָט מיך דערנאָך דערפירט צו מיין זעצערישער אַרבעט.

פארשטייט זיך, אז וועגן שיקן א קינד אין א שול האָט גאָר קיין רייד ניט געקאָנט זיין. דאָס ביסל רוסיש האָט מען געמוזט אריינכאפּן בגנבה, אונטער דער גמרא, אין קלויז. עס איז דאן געווען די צייט, ווען דער געדאַנק פון חיבת ציון האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן איבער דער אידישער וועלט. אין אידישע שטעטלעך האָבן זיך אָנגעהויבן באווייזן מגידים און די אזוי־גערופענע „מטיפים־לאומיים״, נאציאָנאלע פּריידיקער, וועלכע האָבן אָנגעיאָגט אויפן שטעטל נייע ווינטן. איך געדענק, אז דער ערשטער איינדרוק פון די דאָזיקע מטיפים אויף מיר איז געווען א גוואַלדיקער. איך האָב געשלונגען יעדעס וואָרט זייערס ווי א דורשטיקער, און געקאָנט דערנאָך איבערזאָגן כמעט די גאַנצע דרשה וואָרט ביי וואָרט. ווי אַמאָל פארן מלמד, אזוי פלעג איך איצט לויפן יעדן פרייטיק מיט אימפּעט אויסצוקלעפּן אין די בתי־מדרשים די מודעות וועגן דעם־און־דעם מטיף, וואָס וועט שבת האַלטן זיין דרשה. עס האָט ארויסגערופן אומרו און בענקעניש און ס׳איז געוואָרן ענג דאָס אָרט. אין דער היים האָט מען אויך דעמאָלט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן אוועקפאָרן, קיין ארץ־ישראל אדער קיין אַרגענטינע. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די ערשטע סטרייקס אויף דער אידישער גאַס, וועלכע זיינען אויך דערגאַנגען צו אונזער היים. צוזאַמען מיט דער ציו־ניסטישער האָבן זיך אויך פאר מיר אנטדעקט די נייע סאָציאלע באַוועגונגען מיט זייער גאַנצער צוציענדער קראַפט. אין מיטן דרינען האָט מען געפייערט מיין בר־מצוה מיט א שמחה וואָס איז געווען איבער די כחות פון מיין פאָטער און איך האָב נאָך געהאלטן א גרויסע פּלפּול־דרשה מיט א שטעל אויפן צל״ח אויף חולין. עס האָט אָבער לאנג ניט גענומען און דער אומרו אין געמיט איז שטאר־ קער געוואָרן און איך האָב באַשלאָסן צו לאָזן זיך „אוועק אין דער וועלט״, זייענדיק ערשט ארום 14־15 יאָר אַלט.

צעז

אין אונזער שטאָט איז דעמאָלט געווען א דרוקער מיטן נאָמען קליאַטשקאָ, וועלכער האָט געמאכט דרוק־ארבעט הויפּטזעכלעך פארן פּאָלאָצקער קאַדעטסקן קאָרפּוס, א מיליטער־שול, צוליב וועלכער די שטאָט איז געווען באַרימט אין די צאַרישע צייטן. דער קליאַטשקאָ איז געווען מיין פּאָטערס א קונד, און ווען מיין פּאָטער האָט זיך פאַר אים אויסגערעדט, אז איך וויל שוין ניט לערנען און האַלט גאָר ביים אַנטלויפן פון דער היים, האָט ער אים געהייסן מיך ברענגען צו אים. געקומען און פארהערט מיך, האָט ער מיך צוגענומען צו זיך אויף דער לערע אלס זעצער אויף צוויי יאָר. עס איז אָבער ניט אוועק א יאָר, און ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן איבערצוציען זיך צו אים אין הויז און איבערנעמען די פאַרוואַלטונג איבער דער דרוקעריי, אָנשטאָט זיין זון, וועלכער איז אַוועקגעפאָרן שטודירן קיין פּעטערבורג. דאָרטן אין דער דרוקעריי איז יעדן טאָג אָנגעקומען די „בירזשעוויאַ וויעדאָמאָסטי" פון פּעטערבורג — אַ זאַך וועלכע כ'האָב פריִער ניט אָנגעזען. נאָר יחידים אין שטאָט פלעגן אויסשרייבן טעגלעכע צייטונגען פון די גרויסע שטעט, וואָס ניט אלע האָבן געהאַט די זכיה צו לייענען אָדער אפילו אָנצוקוקן. דער בעל־הבית פון דרוקעריי פלעגט אַמאָל אויך ברענגען פון קאָרפּוס א „נאָוואָיע ווריעמיא", די באַוואוסטע אַנטיסעמיטישע צייטונג פון פּעטערבורג. אין די דאָזיקע צייטונגען פלעגט זיך דרוקן טעגלעך א באַריכט פונם דרייפוס־פּראָצעס, וואָס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין פראנקרייך, און אויך אַנדערע אידישע נייס, וועלכע האָבן מיך פאַרכאַפּט. באַזונדערס אָבער האָט אויף מיר געמאַכט אַ רושם דער סאַמע אויסזען פון די צייטונגען און דער אופן ווי זיי זיינען געזעצט און געדרוקט. עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ שטאַרקער חשק אוועקצולאָזן זיך אין דער גרויסער שטאָט, וואו אזעלכע צייטונגען ווערן געדרוקט. אגב, אָפּאַרבעטנדיק א לענגערע צייט אין קליאטשקאָס דרוקעריי, האָט ער מיר מגלה געווען א סוד און האָט מיר איינמאָל באַוויזן דריי קליינע שורות פון אידישען שריפט, וואָס ער האָט געהאלטן פארבאָרגן ערגעץ, (מ'האָט ניט געטאָרט האָבן קיין אידישע שריפט אָן א ספּעציעלער דערלויבעניש). די דריי שורות זיינען געווען: „מזל טוב", „ברית מילה" און „לשנה טובה תכתבו ותחתמו". די דאָזיקע דריי שורות אידישע אותיות האָבן אין מיר אויפסניי דערוועקט דעם חשק צו אידישע זעצעריי, ווייל איך האָב דערזען, אז ס'איז אייגנטלעך ניט קיין גרויסער אונטערשייד: מען דאַרף נאָר זיך אויסלערנען זעצן די שורות פון רעכטס צו לינקס, אנשטאָט פאַרקערט, ווי מען זעצט רוסיש. און אָט דער נייער אינטערעס האָט מיך סוף־כל־סוף געטריבן צו פאַרלאָזן וואָס שנעלער מיין היים־שטאָט.

אין יענער צייט, איז אין אונזער שטאָט געגרינדעט געוואָרן א פאראיין, פריער מיטן נאָמען „בני־ציון", און דערנאָך „פּועלי־ציון". דאָס זיינען געווען ארבעטער־ציוניסטן און אויך באַלעבאטישע קינדער, ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן מיטן סאָציאַליזם גאָרניט געהאַט צו טאָן. די הויפּט־טוער זיינען געווען

צוויי יונגעלייט, סקיבין און גאָלדמאַן. זיי זיינען מיט א פּאָר יאָר שפּעטער אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, און זיי זיינען, דוכט זיך, דאָרטן עד־היום. דער פאַראיין איז געווען א מין זעלבסטבילדונג־קלוב. מען האָט געלייענט און דיסקו־טירט, און פון צייט צו צייט פלעגן אָנקומען ידיעות פון די גרעסערע שטעט, ווי דווינסק, וויטעבסק, ווילנע און מינסק, וועגן די דאָרטיקע פּועלי־ציון פאַראיינען, און וועגן זייערע פּראָגראַמען און טעטיקייטן. די טעגלעכע רוסישע צייטונג, וואָס פלעגט אָנקומען פון פּעטערבורג אין דער דרוקעריי און די נייס וועגן דעם דרייפוס־פּראָצעס האָבן מיך, אזוי צו זאָגן, נאַציאָנאַל־באַוואוסטזיניק געמאכט. איך האָב דערפאַר מיט גרויס התמדה גענומען ארבעטן פאַרן ציוניזם.

אינם סוף פון יאָר 1902 בין איך אוועקגעפאָרן קיין דיסנע, ווילנער גובערניע, ניט ווייט פון פּאָלאָצק, ארבעטנדיק דאָרט אין דער דרוקעריי פון הילל דוואָר־זשעץ, א געוועזענער ווילנער דרוקער. ער פלעגט אַמאָל, נאָך זייענדיק אין ווילנע, דרוקן העברעאישע ספרים. איז אין דער פרייער צייט פלעג איך אים אלץ אויספרעגן וועגן די ווילנער דרוקערייען, וואו מען דרוקט ספרים, און ער האָט מיר אָנדערציילט וואונדערלעכע זאַכן וועגן זיי, וועלכע פלעגן קלינגען אין מיינע אויערן ווי מעשיות פון טויזנט־און־איין־נאַכט.

דאָרטן, אין דיסנע, האָב איך זיך אויך באַקענט מיט עטלעכע אינטעליגענטע בחורים, וועלכע האָבן מיר ארייגעפירט אין די קרייזן פון „בונד", און איך בין שוין כמעט געוואָרן א בונדיסט. איך האָב זיך אָבער נאָך ניט אָנגעשלאָסן אָן דער אָרגאַניזאציע. דערווייל האָט מיין אַלטער בעל־הבית פון פּאָלאָצק מיך צוריק־גערופן, צו ארבעטן אין זיין דרוקעריי. קומענדיק אהיים אין 1903, האָב איך שוין דארט געפונען אַן אַנדער פּועלי־ציון פאראיין, שוין א האַלב־אומלעגאַלן, מיט אַ היפּשע צאָל ביכער אין דער פּועלי־ציוניסטישער ביבליאָטעק און אַ צאָל אומלעגאַלע ליטעראַטור פון די אַנדערע פּארטייען, הויפּטזעכלעך פון „בונד", פון דער רוסישער סאָצ. דעמ. פּארטיי און פון די ס. ר. אייגעם פון די אָנפירער פון יענעם פאראיין געדענק איך זייער גוט, דאָס איז געווען א סטודענט פון קיעוו מיטן נאָמען קאָפּל סלאָנים, וועלכער האָט דעם זומער פון 1903 פאַרבראַכט אין פּאָלאָצק. אויך געדענק איך די ברידער רובאַשקין, די פייגעלמאנס, חברה באַביטש און אַנדערע.

דאָס איז געווען אין יענער צייט, ווען עס האָט זיך שוין אויך געהאט געגרינדעט א גרופּע „ס. ס." און עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוואוסטע „בירזשע"־דיסקוסיעס און דאָס וואַרפן זיך אַהין־און־אַהער, אויסצוגעפינען וואו עס איז „דער אמת'ער אמת"...

אַרום יענער צייט איז פאָרגעקומען דער קישינעווער פּאָגראָם, און אביסל שפּעטער דער אַטענטאַט פון פּנחס דאַשעווסקי אויף דעם אַנטיסעמיט קרושע־וואַנען, דעם אָרגאַניזאַטאָר פונם קישינעווער פּאָגראָם. איך בין געוואָרן רעוואָ־לוציאָנער געשטימט און עס האָט מיך אָנגעהויבן ציען קיין פּעטערבורג. מיין

הויפּט־ציל איז געוועזן דער: אזוי ווי איך בין א זעצער, און איך האָב מיין מלאכה זייער ליב געהאט, דאַרף איך נאָר זיך אויסלערנען זעצן אידיש, און דאַן וועל איך שוין געפינען די וועגן ווי אזוי צו קאָנען דינען אמבעסטן דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג. מיין חלום איז טאַקע שנעל פארווירקלעכט געווארן, ווייל אין יענעם יאָר האָט אָנגעהויבן ארויסצוגיין אין פּעטערבורג „דער פריינד“. בין איך אוועק אהין, און נאָך א היבש ביסל מאַטערניש, האָב איך זיך דערשלאָגן צו דעם, מ׳זאָל מיך אָננעמען צו ארבעטן אין „פריינד“.

די פּאָר יאָר וואָס איך האָב געארבעט אין „פריינד“ זיינען געוועזן די שענסטע און אַנגענעמסטע אין מיין יוגנט. דעם ערשטן יאָר איז דער „פריינד“ געוועזן די איינציקע אידישע טעגלעכע צייטונג אין רוסלאנד (דעם צווייטן יאָר איז שוין אויך געוועזן „דער טאָג“, ארויסגעגעבן פון דער „המליץ“ רעדאקציע). אין „פריינד“ האָט זיך דעמאָלט געדרוקט דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס מיר האָבן פארמאָגט אין דער אידישער ליטעראטור. אלע אידישע קלאַסיקער זיינען דאָרט געדרוקט געוועזן. איך האָב געהאַט די זכיה צו זעצן דאָס „ווינשפינגעריל“ פון מענדעלי מוכר ספרים אין ערשטן אָריגינאל (פארן מאָנאַטלעכן זשורנאל „דאָס לעבן“, אַרויסגעגעבן פון „פריינד“); י. ל. פּרצס געזאַמלטע שריפטן, וועלכע זיינען דעמאָלט צום ערשטן מאָל ארויסגעגעבן געוואָרן פונם „פריינד“; שלום עליכמס א סעריע פעליעטאָנען; פרוגס ערשטע געזאמלטע לידער (אין 2 בענדער); אנסקיס „דער אשמדאי“ און א סך אַנדערע ארטיקלען פון די באַרימטסטע אידישע שרייבער פון יענער צייט.

איך בין דאַן ווידער אַמאָל געוועזן גענייגט צו דער גרופּע „בונד“, וואָס איז באַשטאַנען פון סטודענטן און ארבעטער, אונטער דער אָנפירערשאפט פון „מלכיאל“ (ר. אבראַמאָוויטש). איך בין אָבער געוועזן מער נאַציאָנאַליסטיש געשטימט, און מיט זיי ניט מיט אלץ איינגעשטימט, ווייל דער „בונד“ איז דאַן געוועזן זייער געגנעריש געשטימט צו וועלכן־ניט־איז ציוניסטישן, אָדער אפילו נאַציאָנאַליסטישן געדאַנק.

אָפּאַרבעטנדיק אין „פריינד“ עטלעכע חדשים, האָט מען מיך, אין מאַי, 1904, ארעסטירט. איך בין אָפּגעזעסן אין „פּרעדוואַריטעלנאָיע זאַקליוטשעניע“ דריי חדשים, און דערנאָך האָט מען מיך אָפּגעשיקט „נאַ־ראָדינו“, אהיים, קיין פּאָלאָצק, „פּאָד־נאַדזאָר“, און איך האָב זיך געדארפט מעלדן צו דער פּאָליציי עטלעכע מאָל א וואָך.

מיין ארעסט אין פּעטערבורג איז גראָד געוועזן ניט צוליב מיינע דאָרטיקע „חטאים“, נאָר צוליב א צופאַל, וואָס מיינער א יוגנט־חבר אין דער היים, בן־ציון סמאָל, וועלכער איז, אגב, איצט א זעצער אין „מאָרגן זשורנאל“, איז נאָך אַן ערשטע מאַי דעמאָנסטראציע ארעסטירט געוואָרן אין פּאָלאָצק, און ביי אים האָט מען געפונען מיינע בריוו פון פּעטערבורג, וואו איך האָב באַשריבן די איינדרוקן פון די פאַרזאַמלונגען, וועלכע איך האָב באַזוכט אין פּעטערבורג.

מיט דעם דאָזיקן חבר מיינעם—בן־ציון סמאָל—משה־חייקל דעם סטאָליערס זון—ביז איך צוזאַמען געגאַנגען אין חדר, און צוזאַמען, כמעט אין דער זעלבער צייט, גענומען זיך צום זעצער־פאַך. דערנאָך זיינען מירביידע ארויס אין דער וועלט, וואו מיר האָבן זיך צעשיידט: ער קיין אָרשע, און איך קיין דיסנע. מיר האָבן זיך באַלד אויך צושיידט אין אונזערע אידייען, ער ווערנדיק אן ס. ס.׳אָוועץ, אַן אָנהענגער פון סיי־וועלכער טעריטאָריע פאַר אידן, אבי נ י ט ־ ציון, און איך — א פּועל־ציון. פון גרויסע אידייאישע קנאות פלעגט ער אפילו אין זיינע בריוו צו מיר אָנשטאָט „בן־ציון" אונטערשרייבן זיך: „בן טעריטאָריע"... אָבער מיט אונזער גאַנצער פּאַרטייאישער צעשיידנקייט זיינען מיר דאָך געבליבן תמיד די אינטימסטע פריינט, און שפּעטער, ווען מיר זיינען ביידע מגולגל געוואָרן אין אומלעגאַלע דרוקערייען, ער אין זיין פּארטיי, און איך אין מיינער, פלעגן מיר זיך דאָך דורכשרייבן וועגן פילע סודות פון „אונזערע" דרוקערייען, און אמאָל (אין יולי, 1905), ווען איך בין געפאָרן קיין בערדיטשעוו



מאיר קאַסטאָף (קאַצטאָוו) און בן-ציון סמאָל (סמאָליאַק) פאָטאָגראַפירט אין האָמעל (1905)

דורך האָמעל (וואו ער האָט דאַן געאַרבעט אין „זיין" דרוקעריי פון די ס. ס.), האָט ער מיך אַהין אריינגעפירט, מיר באַוויזן און מיר אפילו מיטגעגעבן אַ היבש ביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור פון זיין פּאַרטיי, וואָס האָט אַזוי פאַרביסן געקעמפט מיט „מיין" פּאַרטיי, און איך האָב עס בשלום אַריבערגעבראַכט קיין בערדיטשעוו צו די פירער פון די סיימאָווצעס־פּועלי־ציון . . .

איך וויל דאָ, פאַרבייגייענדיק דערציילן, אַז פאַר די דריי חדשים, וואָס איך בין „געזעסן" אין פּעטערבורגער טורמע, האָבן צוויי באַזונדערס וויכטיקע פּאַסירונגען מיך אינגאַנצן אויפגעטרייסלט. די ערשטע איז געווען דעם 15טן יולי, 1904, ווען פאָן־פּלעווע איז דורך סאַזאָנאָווס אַ באָמבע דער׳הרג׳עט געוואָרן און אינ׳ם זעלביקן טאָג האָבן אלע פּאָליטישע ארעסטירטע געמאכט א דעמאָנסטראַציע אין טורמע, אויסשרייענדיק פון די איינצל־קאַמערן די פריילעכע נייס, און גלייך דערנאָך — די געשרייען ארום און ארום, ווען מען האָט די ארעסטירטע גענומען שלאָגן און פייניקן... — איך וועל יענעם מאָמענט קיינמאָל אין מיין לעבן ניט פאַרגעסן... און די צווייטע פּאַסירונג איז געווען, וואָס אין יענעם חודש איז געשטאָרבן דר. הערצל, — און איך וועל אויך ניט פארגעסן

יענעם מאָמענט, ווען איך בין אריינגעקומען פון טורמע גלייך אין רעדאקציע פון „פריינד", און איך האָב פלוצלונג זיך דערוואוסט די נייס, בין איך ווי געפּאַלן אין חלשות און ניט געקאָנט קומען צו זיך פּאַר אַ לענגערער צייט...

ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים, „נאַ־ראָדינו", פלעגן מיר ביידע, איך און סמאָל, שטענדיק זיין צוזאַמען; מיר האָבן ביידע זיך געדאַרפט מעלדן צו דער פּאָליציי. מיר האָבן א סך דיסקוטירט און דאָרטן האָבן מיר שוין געטראַכט און אויסגעארבעט פלענער, ווי אזוי אַמבעסטן צו דינען דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג אלס אומלעגאַלע זעצער.

צוליב א מאַניפעסט, סוף זומער 1904, בין איך באפרייט געוואָרן פון פּאָליציי־אויפזיכט אין פּאַלאַצק און איך בין גלייך צוריקגעפאָרן קיין פעטערבורג, איצט שוין אַן אמת'ער רעוואָלוציאָנער. איך האָב דאָרטן אַנטייל גענומען אין די גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציעס פונם „רויטן זונטיק", (9טן יאנואר, 1905), אין דער צייט פון דער גאַפּאָן־באַוועגונג און אנדערע גרויסע ארויסטרעטונגען, פּאָליטישע ווי אויך פון די פּראָפעסיאָנעלע פּאַראיינען.

איך בין צוריק אריין ארבעטן אין „פריינד" נאָך דעם ערשטן סטרייק פון די זעצער וואָס איז דאָרטן פּאָרגעקומען אין מאַי, 1905, צוליב וועלכן, אגב, די ארויסגעבער האָבן באַשלאָסן אריינצוברענגען די ערשטע אידישע זעץ־מאַשינען אין רוסלאַנד.

איך בין צו יענער צייט געווען נאָענט צו פּארטייאישע קרייזן, אבער האָב נאָך אלץ ניט באַלאַנגט צו קיין איין באשטימטער פּארטיי. איך געדענק גוט די דעמאָלטדיקע אָפטע דעבאַטן צווישן דער „איסקרא" סאָצ. דעמ. מיטן „בונד", צווישן די פּועלי־ציון מכל המינים (מינסקער, וויטעבסקער, פּאָלטאַווער, דווינס־קער, ווילנער) מיט די „ס. ס.". דאָס זיינען געווען מערסטנס דעבאַטן צווישן סטודענטישע גרופּן, וועלכע האָבן געבראַכט פון זייערע היימען אינם אידישן תחום זייערע טעאָריעס, און פלעגן זוכן געלעגנהייטן אין די אידישע ארבעטער־קרייזן צו דערווייזן די ריכטיקייט פון זייערע אַרגומענטן.

מיך האָט אָנגעהויבן צו ציען צוריק צו די ברייטע ארבעטער־מאַסן אינם אידישן תחום, כדי צו קאָנען אויף אַ פּראַקטישן אופן דינען דער רעוואָלוציאָנע־רער באַוועגונג, און מיין געלעגנהייט איז באַלד אויך געקומען.

דאָס איז געווען נאָכן זשיטאָמירער פּאָגראָם. מיר האָבן גענומען הערן פון דער באַוואוסטער אידיש־רעוואָלוציאָנערער גרופּע „וואָזראָזשדעניע", וועלכע האָט שוין געהאַט ארויסגעגעבן צוויי נומערן פון זייער אָרגאַן און אויך א בראָשור וועגן דעם קישענעווער פּאָגראָם און וועגן דעם אַטענטאַט פון דאשעווו־סקין אויף קרושעוואַנען — אינם נאָמען פון א גרופּע „מאָלאָדאָי איזראַיל". די ארבעט פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע" איז ספּעציעל פאַרשטאַרקט געוואָרן נאָכן זשיטאָמירער פּאָגראָם, ווייל עס איז דאַן געווען די הויפּט־פראַגע וועגן אידישער זעלבסטשוץ.

אין אַ געוויסן אָוונט בין איך געווען אויף א מיטינג וואו חבר „וואָלאָדיא“ (וואָלאַדימיר) פאבריקאנט, דאן א יונגער סטודענט פון כאַרקאָווער טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, איז געקומען האַלטן א רעפעראַט וועגן דער אידישער זעלבסטשוץ און די אויפגאבן פון דער „וואָזראָזשדעניע“. אָט אויף יענעם מיטינג איז מיין ווייטערדיקער שיקזאַל באַשטימט געוואָרן... איך געדענק זייער גוט, ווי ער האָט דאַן אין יענעם אוונט מיך אזוי אָנגעצונדן, אז איך בין גלייך נאָכן רעפעראַט צוגעגאנגען צו אים און אים געזאָגט: „הערט, חבר, איך בין גרייט צו טאָן אלץ, וואָס איר און אייערע חברים פון דער „וואָזראָזשדעניע“ וועלן מיך הייסן... איך בין אַ זעצער, קען זעצן רוסיש און אידיש, און אַלץ וואָס מען דאַרף, בין איך גרייט צו טאָן“.

ער, „וואָלאָדיא“, האָט מסתמא דערקענט, אז איך מיין עס מיטן גאנצן ערנסט, און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אז ער וועט מיין חבר׳שן אָנבאָט איבערגעבן צו זיינע חברים, און מען וועט מיר לאָזן וויסן די אנטשיידונג. אין א פּאָר וואָכן אַרום האָב איך שוין אַלץ געוואוסט. א ביסל שפּעטער האָב איך זיך געטראָפן מיט חבר א. ק. (אַ. קאזאָראָוויצקי) פון בערדיטשעוו, וועלכער האָט געהאט אויסגעאַרבעט דעם גאַנצן פּלאַן, און ער האָט אויך געהאַט די אויפזיכט איבער דער בערדיטשעווער דרוקעריי, וואו איך האָב געאַרבעט. „אונזער“ דרוקעריי איז געווען ביי איינעם א דרוקער, א געוויסער פוקסזאָן, אין א באַזונדערן צימער אין זיין לעגאַלער דרוקעריי, וועלכע האָט זיך געפונען אין סאַמע מיטן פון שטאָט. אויך דער „בונד“ האָט דאָרטן געהאַט אזא מין „אָפּטיילונג“.

דער באַשלוס איז געווען, אז דאָס דריטע העפט „וואָזראָזשדעניע“ זאָל געזעצט און געדרוקט ווערן אומלעגאַל אין בערדיטשעוו, און אז ער, וואָלאָדיא, זאָל זיין דער פּאַקטישער רעדאַקטאָר (אין דער אמת׳ן זיינען געווען דריי רעדאַקטאָרן: מ. זילבערפאַרב־באַזין; ראָזין־בן־אדיר און פאַבריקאנט), און איך — דער זעצער... צו מיין דעמאָלטדיקער פרייד איז קיין גרעניץ ניט געווען, ווייל איך האָב דערגרייכט מיין „אידעאַל“ פיל שנעלער, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט... אלעמאָל, זינט איך געדענק, פון מיינע גאָר־יונגע יאָרן, האָב איך מיין מלאכה — די זעצעריי — באַטראַכט אַלס אַ גוטן מיטל צו קענען דינען דער אידייע, אין וועלכער איך האָב געגלויבט, און בפרט נאָך אין יענער צייט (1905) איז עס פאַר מיר געווען ממש א גליק צו קאָנען זעצן אַזאַ זשורנאַל, פון וועלכן איך האָב נאָך פון פריער געשלונגען יעדן וואָרט...

איך האָב טאַקע גלייך אויפגעגעבן מיין שטעלע אין „פריינד“ און אוועקגעפאָרן אינם פּלאַץ, וואו די חברים פון דער „וואָזראָזשדעניע“־גרופּע האָבן מיך געהייסן, ד. ה. קיין בערדיטשעוו.

איך בין אָנגעקומען אהין אין חודש יולי, 1905, און אביסל שפּעטער איז אויך אָנגעקומען „וואָלאָדיא“. (דאַן האָט ער שוין געהייסן „גרשון“, און מיר האָט מען אַ נאָמען געגעבן: „שלמה“). מיר האָבן געהאַט באַזונדערע דירות,

אָבער די מערסטע צייט וואָס ער איז געווען אין שטאָט (ער פלעגט אָפט אַרומ־פאָרן אין אַנדערע שטעט צו האַלטן רעפעראַטן און אָרגאַניזירן קאָנפערענצן) פלעגן מיר פאַרברענגען צוזאַמען; ער איז דאַן געווען אי מיין לערער, אי מיין חבר... ער איז בטבע געווען א ליבער, גוטער מענטש, און ער האָט געוואוסט ווי אַזוי צו ווירקן אויף מיר, צוצוגעבן מיר מוט און אוועקנעמען די בענקעניש נאָך דער גאַנצער פעטערבורגער סביבה פון „פריינד" און אויך נאָך מיין היים און פאַמיליע אין דער ליטע; געווען צייטן, וואָס מיר פלעגן אָפּזיצן כסדר טעג און נעכט צוזאַמען ביי דער ארבעט פון „וואָזראָזשדעניע", און ווען מען האָט געדאַרפט אַביסל צוהונגערן, זיינען אויך געווען גלייך דער רעדאַקטאָר מיטן זעצער...

אָבער אין איין געוויסן פּרט איז מיר געווען ערגער פון אים: צווישן חברים האָט ער זיך ניט באַדאַרפט אזוי אויסבאַהאַלטן ווי איך, ווייל אים האָבן אלע געקענט אלס דעם אינטעליגענט, רעדנער, אָרגאַניזאַטאָר, אָבער איך — איך האָב זיך געמוזט פון דער „מאַסע" חברים אויך אויסבאַהאַלטן... פון אָנהויב האָט מען מיר אפילו פאַרבאָטן צו קומען אין נאָענטער באַרירונג מיט די חברים פון דער „מאַסע", אָבער שפּעטער האָט „גרשון" גע'פּועל'ט, אז מען זאָל מיך צולאָזן צו פאַרזאַמלונגען, ווייל סיי־ווי שטויסן זיך אָן די חברים, אז איך זיץ דאָ אין בערדיטשעוו מסתמא צוליב וויכטיקע זאַכן...

דאָרט, אין בערדיטשעוו, בין איך אָפּגעווען עפּעס מער פון זעקס חדשים (ביז יאַנואר, 1906), אָבער אין דער צייט האָב איך דאָרטן איבערגעלעבט מער ווי מען קען איבערלעבן אין צענדליקער יאָרן, אפשר אין א גאַנצן לעבן... איך קלער גאַנץ אָפט וועגן די אלע פּאַסירונגען פון „יענע טעג" מיט 30 יאָר צוריק, ווען איך בין געווען א „נסתר" אונטער א פרעמדן נאָמען, און איך האָב געמוזט, צוליב „פּאָרזיכטס־מיטלען", זיך אויסבאהאלטן אפילו פון די אייגענע חברים... איך בין אינגאנצן געווען פאַרטאָן אין מיין שווערער, פאַראַנטוואָרטלעכער ארבעט, ווען אויפן גאַס האָט געשטורעמט די רעוואָלוציע... איך האָב געזעצט אלערליי פּראָקלאַמאַציעס אין אידיש און רוסיש; געזעצט בייטאָג און ביינאַכט; איבערגעלעבט די 1905 רעוואָלוציע, די „פרייהייטס־טעג" און די גרויסע שוידערלעכע פּאָגראָמען דערנאָך; איך האָב שפּעטער אויך גענומען אַנטייל אין דער זעלבסטשוץ, וועלכע איז געווען גרייט, אין פאַר־טיידיקונג, יעדע מינוט מקריב צו זיין אַלץ און אַלעמען אויפן מזבח פון דער רוסישער רעוואָלוציע...

איך געדענק אזוי גוט די צייט, ווען די פינסטערע רעאַקציע האָט זיך אָנגערוקט, און איידער דער צווייטער דורכגעפאַלענער באַן־סטרייק איז פּראָקלאַמירט געוואָרן (דעצ. 1905), בין איך געשיקט געווארן אויף א שנעל־צוג קיין פּעטערבורג איינצוקויפן שריפט, וואָס עס האָט אויסגעפעלט פאר דער „וואָז־ראָזשדעניע" און פאַר די אנדערע אויסגאבן, און אין דריי טעג צייט האָב איך

געמאכט די געפערלעכע נסיעה הין־און־צוריק, מיטברענגענדיק גענוג שריפט
און אנדערע נויטיקע דרוק־מאַטעריאַלן, מיט מיר אויפן באַן, דאָס איז טאַקע
געווען דער לעצטער צוג וואָס איז נאָך געגאַנגען, איידער דער סטרייק האָט
אויסגעבראָכן . . .

* * *

אין יענער צייט (דעצ. 1905) איז אויך אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער באַ־
וואוסטער צוזאַמענפאָר אין בערדיטשעוו פון די דעמאָלט־עקזיסטירנדיקע פועלי־
ציון גרופּן, אויך די „וואָזראָזשדעניע" און די „סיימאָוועס", ביי וועלכן עס איז
פאָרגעקומען די „היסטאָרישע שפּאַלטונג".

דער דאָזיקער צוזאַמענפאָר איז שוין היסטאָריש דערמיט, וואָס ער איז
פאָרגעקומען אין די טעג פון דער שווערסטער רעאקציע ; דער אייזנבאַן־סטרייק
איז געווען „אין פולן ברען" און ניט אלע וואָס האָבן געדאַרפט דאָרטן זיין,
האָבן געקענט קומען צוליב דעם סטרייק. חבר „ירמיהו" (י. נאָוואַקאָווסקי),
וועלכער איז געווען דער הויפּט־קעמפער פאר די „סיימאָוועס", איז ערגעץ
געבליבן שטעקן „אין וועג", און אזוי איז אויך געווען מיט א צאָל אַנדערע
דעלעגאטן. איך געדענק אויך דעם פאַל, ווי איינער א חבר, וועלכער האָט
דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, געשריבן פאַרשטעלט, ער זאָל קומען קיין „בער־
דיאַנסק" (דאָס האָט געמיינט, לויט אַ פריערדיקן צוזאַמענריידן זיך : „בער־
דיטשעוו"), האָט טאַקע אין איילעניש געקויפט א בילעט קיין בערדיאַנסק, און
ער איז דאָרטן „געבליבן שטעקן" . . .

פונדעסטוועגן איז אָבער דאָך געווען דאָס גליק פון דער פּאַרטיי פּועלי־
ציון, וואָס חבר באָראָכאָוו איז דאָרטן געווען. ער איז געקומען קיין בערדיטשעוו
צוזאַמען מיט זיין פרוי, פון בערלין ; דאַן איז ער געפאָרן קיין פּאָלטאַווע צו
אַ באַראַטונג פון די פּועלי־ציון און פון דאָרטן איז ער צוריקגעקומען קיין
בערדיטשעוו, צום קאַמף מיט די „סיימאָוועס" און די „וואָזראָזשדענצעס",
וועלכע האָבן, אגב, אויך דאַן נאָר־וואָס אָפּגעהאַלטן זייער צווייטע קאָנפערענץ,
און וועלכע האָבן געדראָעט צו פאַרכאַפּן די אַלע פּועלי־ציון גרופּן פון די פאַר־
שיידענע ראַיאָנען.

חבר ב. באָראָכאָוו האָט אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר געפירט די גענעראַל־
שלאכט פאר דעם „אמת'ן פּועלי־ציוניזם" פונם סאָציאַל־דעמאָקראטישן שטאַנד־
פּונקט, געגן די „גלות־נאַציאָנאַליסטן", וועלכע זיינען געווען מער סאָציאַליסטן־
רעוואָלוציאָנערן (די סיימיסטן) און פילע פון זיי — אפילו ניט קיין ציוניסטן.

באָראָכאָוו איז דאַן געווען קראַנק, זייער הייזעריק, און די זיצונגען זיינען
געהאַלטן געוואָרן א גאנצע וואָך, אונטער שווערע באַדינגונגען ; עס איז געווען
נאַס און קאַלט, מען האָט ניט געטאָרט גיין שפּעט אין גאַס צוליב קריגס־
צושטאַנד, וואָס האָט געהערשט אין שטאָט. מען האָט זיך זייער ווייניק געזאָרגט
פאַרן עסן און טרינקען און אז עס איז געווען ברויט מיט טיי, איז אויך גאנץ

גוט געווען. איך געדענק ניט זייער גוט די אַלע פּלעצער, וואו דער צוזאַמענפאָר איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן (מען פלעגט זייער אָפט בייטן די פּלעצער), אָבער איך געדענק גוט די תּלמוד־תּורה, וואו די מערסטע זיצונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, און אויך די היימען פון די חברים: מאָטל פרישבערג, אברהם קאַזאָראָ־וויצקי, דער לערער בראַוואַרניק, וואוהין מיר פלעגן קומען צווישן די זיצונגען און געהאַט צו עסן ברויט מיט זיסע טיי וויפיל מיר האָבן נאָר געוואָלט.

מיט חבר באָראָכאָוון האָב איך זיך מיט יאָרן שפּעטער נעענטער באַקענט, ווייל איך פלעג זעצן זיינע אַרטיקלען אין דער „וואַרהייט". ווען ער איז געקומען קיין ניו יאָרק, האָבן מיר זיך נאָך נעענטער דערקענט און מיר זיינען געבליבן באַפריינדט חבריש ביזן לעצטן טאָג פון זיין אָפּפאָר קיין רוסלאַנד. איך געדענק אויך פון יענער צייט חבר אבנר (י. בן־צבי); חברה גאָלדע אָל־שאַנסקי (רחל ינאית בן־צבי); די דריי רעדאַקטאָרן פון דער „וואָזראָזשדעניע": חבר באַזין (זילבערפאַרב), בן־אדיר־ראָזין און דערהויפּט „וואָלאָדיא", אָדער „גרשון" (פאַבריקאַנט); חבר אלכסנדר כאַשין, שמעון דאָבין, „נאַסיאַ", דוד ראַפּאָפּאָרט, פיניע קאַגאַנאָוויטש (דער נסתּר) און פילע אַנדערע.

צו יענער צייט זיינען די פּאָליטישע באַדינגונגען געוואָרן אַזוי שווער, אַז איך האָב מער די „וואָזראָזשדעניע" ניט געקאָנט זעצן. מען האָט מיך גענומען שטאַרק נאָכשפּיאָנירן, און עס זיינען ערשט געווען אָפּגעדרוקט אַ פּאָר בויגן. די חברים האָבן געזען, אַז איך מוז אוועקפאָרן פון בערדיטשעוו, האָבן זיי מיך איבערגעשיקט קיין ווילנע און אנשטאָט מיר האָט מען געבראַכט פון וואַרשע דעם זעצער ה. בלום (וועלכער איז איצט דער פּרעזידענט פון דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן אין ניו יאָרק און אַרבעט אין „פאָרווערטס"). ער האָט דאַן אָנגעהויבן זעצן דעם אידישן „קאַמף", אָרגאַן פון די „סיימיסטן", אָבער אָפּאַרבעטנדיק אין „אונזער דרוקעריי" נאָר עטלעכע טעג, איז די גאַנצע פוקסזאָן־דרוקעריי „פּראָוואַליעט" און קאָנפיסקירט געוואָרן. דער בעל־הבית, פוקסזאָן, צוזאַמען מיט ביידע זעצער, דער פּועלי־ציוניסט בלום און דער בונ־דיסט „מאָטל" זיינען אַרעסטירט געוואָרן. בלום און מאָטל זיינען אָפּגעזעסן צו פינף חדשים אין דער בערדיטשעווער טורמע און פוקסזאָן אַליין איז שפּעטער געשטאָרבן אין דער זעלביקער טורמע.

קיין ווילנע בין איך אָנגעקומען אין יאַנואַר 1906, און בין דאָרטן אויך געווען אין דינסט פון די „סיימאָווצעס", פאַרוואַלטנדיק אַ לענגערע צייט מיט זייער אומלעגאַלער דרוקעריי, וועלכע האָט זיך געפונען אין צוויי פּלעצער. פריהער אויף אַ שאַלקע אין הויז פון נתן אַרקוסקי (איצטיקער נ. אַרקוס, פון וואוסטער, מאַסס.) אין שניפּעשאָק, און דערנאָך אין אַן אַנדער הויז ערגעץ אויף פּאָפּלאַוועס.

נײַנצן

אין יענעם יאָר האָט זיך געגרינדעט אין ווילנע דער ערשטער דרוקער־פאַראיין, און איך בין דאָרטן גלייך געוואָרן אַ מיטגליד. אָבער אריינצוקומען

ארבעטן אין איינע פון די דאָרטיקע אידישע דרוקערייען, איז געווען ניט פון די גרינגע זאַכן, ווייל די עלטערע זעצער האָבן פשוט ניט צוגעלאָזן די אינגערע. מיט מיר האָט מען פונדעסטוועגן געמאכט אַן אויסנאַם, ווייל איך האָב דאָך שוין געהאַט געאַרבעט אין „פריינד״ אין פעטערבורג. דערפאַר בין איך אריינגעקומען ארבעטן אין דער דרוקעריי פון „האלמנה והאחים ראָם״.

אָבער ניט אזוי פשוט איז עס מיר אָנגעקומען אריינצוגיין אין דער דאָזיקער גרויסער, וועלט־באַרימטער דרוקעריי. די דאָרטיקע זעצער זיינען געווען גוואַלדיקע מיוחסים און געהאַט א „חזקה״ אויף דער דרוקעריי, ניט צוצולאָזן קיין „פרעמדע״, ווי א סאָרט כהנים־סעקטע אָדער דינאַסטיע, וואָס זייער ארבעט גייט איבער בירושה, אָדער צו היימישע מענטשן. מען האָט געדאַרפט באַזונדערע „דיפּלאָמעס״ (תעודות) פון ווילנער ישיבות, אום צו קאָנען אריינקומען אַהין זיך לערנען די ארבעט. אָבער אין די שטורמישע יאָרן פון 1905־6 האָבן די „יונגע״ זעצער דורכגעבראָכן די וואַנט מיט דעם כח פון זייער אידישער זעצעריי־אַרבעט אין די אומלעגאַלע דרוקערייען. טיילווייז אויף דעם סמך איז עס טאַקע אויך מיר געלונגען אָנצוקומען אין דער דאָזיקער אַלטער פעסטונג פון אידישע זעצעריי.

אַן אמת׳ע פעסטונג, אָדער מוזעאום, איז עס געווען אין יענע צייטן ראָמ׳ס דרוקעריי, אין וועלכער עס איז געזאַמלט און געהיט געוואָרן אַן אומגעהויערע צאָל פלאַטן פון דער אַלטער אידישער ליטעראַטור, ווי דער ש״ס הגדול, אלפס, טורים און שולחן ערוך, משניות, חומש מלבים, סדורים און מחזורים און פאַרשיידענע אַנדערע ספרים — איבער זעקס הונדערט מינים! און די אלע ספרים זיינען דאָ געווען פאַרקערפּערט אין בליי, פון יאָרן־לאַנג. (ראָמס דרוקעריי האָט שוין דאַן, אין 1906, עקזיסטירט אריבער 135 יאָר). זי האָט אויך פאַרמאָגט אַן אייגענע שריפט־גיסעריי און בוכבינדעריי — אַ זעלבסטשטענדיקע מלוכה פון וואָרט און בליי.

די זעצער דאָרטן האָבן אויך מיט זיך פאָרגעשטעלט באַזונדערע טיפּן, באַזונדערס צוגעפּאסט צו זייער אויפגאַבע אין דער דאָזיקער וועלט־באַרימטער אידישער דרוקעריי. איך האָב דאָרטן געאַרבעט אויף דער צייטונג „די צייט״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון די זעלביקע מענטשן ווי דער העבּרעאישער „הזמן״, און ווען „די צייט״ האָט אויפגעהערט צו דערשיינען, האָב איך געזעצט ביכער און זשורנאַלן אין דער זעלביקער אָפּטיילונג פון ראָמס דרוקעריי. דאָ האָב איך זיך געטראָפן מיט פילע פון מיינע קאָלעגן־זעצער, מיט וועמען איך האָב געאַרבעט צוזאַמען אין פעטערבורג — די אינגערע ווי די עלטערע — און וועגן עטלעכע פון זיי (ספּעציעל ווייל איך גיב דאָ דאָס בילד פון דעם זעצער־סטעף פון „די צייט״), וויל איך דאָ אויך איבערגעבן א פּאָר כאַראַקטעריסטישע שטריכן:



אַ גרופּע זעצער פון ראָם׳ס דרוקעריי, אויף דער צייטונג „די צייט״ (אין 1906)

דער הויפּט־מעטראָנפּאַזש, ר׳ איצעלע הורוויטץ (וועלכער זיצט אינמיטן פון בילד, מיט דער צייטונג אין האַנט), איז געווען א איד א למדן, וועלכער האָט פון קינדוויז אָן געארבעט ביי ראָמען, און זעצנדיק אזוי פיל מאָל געוויסע ספרים, פלעגט ער צו אייניקע פון זיי אפילו ניט דאַרפן נאָכקוקן אין אָריגינאַל, נאָר ער פלעגט זיי זעצן אויסווייניק.

אויפן זעלבן בילד איז דאָ זיינער א זון און נאָך א פּאָר נאָנטע פריינט, וועלכע האָבן געארבעט ביי ראָמען צוליב זיין זכות; דאָ איז אויך דאָ אַן אַלטער זעצער, מרדכי־פסח שריפטזעצער, וועלכער איז שוין דאַן געווען געקומען פון אמעריקע און ער פלעגט האַלטן אין איין דערציילן די גוזמות פון אמעריקאנער גליקן בכלל און פונם זעצער־פאַך בפרט; אויך די ברידער אַלפּעראָוויטש, איינער פון וועלכע, משה, איז דאָ געווען מיינער א שותף, ווען מיר האָבן צוזאַמען געגרינדעט די ערשטע און איינציקע העברעאיש־אידישע מאָנאָטייפּ־דרוקעריי אין ניו־יאָרק (אין 1927); אויך דוד׳קע גאָן, און דער סעקרעטאַר פונם דעמאָלט נאָר־וואָס געגרינדעטן ערשטן דרוקער־פאַראיין אין ווילנע, גרשון גליזער, וועגן וועלכן עס דערמאָנט אין זיין ארטיקל ב. סמאָל, וועלכער איז אויך דאָ אויפן בילד (לינקס, אונטן).

עס איז אויך געווען ראָמס אַן אַלטער זעצער, ר׳ משה קנאָרינג, וועלכער איז געווען דער הויפּט־מעטראָנפּאַזש אין „פריינד“, ווען איך האָב דאָרטן געאַר־בעט. ער, קנאָרינג, האָט נאָך פריער געארבעט אויפן „המליץ“ 25 יאָר, איידער ער איז געקומען צום „פריינד“, און ער האָט עס צוזאַמענגעשטעלט דעם ערשטן זעצער־סטעף אין פּעטערבורג פאַר א אידישער טעגלעכער צייטונג — פון די אַריבערגעבראַכטע זעצער פון ווילנע און וואַרשע — וועלכע האָבן אין אָנהויב געזעצט אידיש מיט נקודות, אזוי ווי עס איז געווען געזעצט אן אלט־מאָדישער טייטש־חומש (דורך צוויי באַזונדערע שורות, אויבן די ווערטער און גלייך אונטן די נקודות), אָבער גאַנץ גיך האָט מען עס פאַרביטן אויפן סיסטעם פון זעצן מיט „האַלבע נקודות“ אויף איין־און־דערזעלבער שורה. אָט דער משה קנאָרינג פלעגט דערציילן, ווי איז די ערשטע יאָרן, ארבעטנדיק אויפן „המליץ“, און אין פּעטערבורג האָט מען ניט געקאָנט קריגן קיין אידישע זעצער צוליב „פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ“, פלעגט ער דאַרפן לערנען רוסישע זעצער — אמתע גוים — צו זעצן העברעאיש . . . און א סך פיינע אַנעקדאָטן פלעגט ער זיך אָנדערציילן וועגן דער דאָזיקער דערפאַרונג זיינער.

אגב, ווען איך האָב זיך מיט א קורצער צייט צוריק, דאָ, אין ניו יאָרק, באַגעגנט מיטן ערשטן רעדאקטאר פון „פריינד“, דעם באַרימטן היסטאָריקער שאול גינזבורג, און מיר האָבן זיך גענומען דערמאָנען וועגן די זעצער פון דער ערשטער דרוקעריי פון „פריינד“ אין פּעטערבורג, איז ער געווען גאַנץ היבש

איבעראַשט פון די גענויע איינצלהייטן וועגן יענע זעצער, וועלכע איך געדענק אַזוי גוט, פונקט ווי עס וואָלט ערשט איצט געווען, און ניט מיט 31-32 יאָר צוריק...

א זעלטענער טיפּ צווישן ראָמס זעצער איז אויך געווען ר. הירש גלאָז. אין מיינע צייטן איז ער שוין געווען א איד א זקן פון 80 יאָר און ער האָט שוין געהאַט אין זיין לעבן דריי מאָל צוזאַמענגעשטעלט גאַנץ ש״ס. ערשט ביים דריטן מאָל איז דער ש״ס הגדול געמאכט געוואָרן אין סטערעאָטיפּ-פּלאַטן, וועל־כע איז צו יענער צייט דערפונדן געוואָרן. דער דאָזיקער ר׳ הירש גלאָז פלעגט יעדן אָוונט זאָגן א שיעור גמרא אין ר׳ שאול קאַצענעלנבויגנס שול און איז דאָרט געווען דער שטענדיקער בעל-קורא. אָט דער אַלטיטשקער פלעגט גערן פאַרברענגען מיט אונז, „יונגע״, און אונז דערציילן זעלטן-שיינע מעשיות און אַנעקדאָטן פון די אַמאָליקע זעצער אין ראָמס דרוקעריי. א פּאָר פון זיי וועל איך דאָ פאַרצייכנען:

ווען מען האָט געפייערט אין ווילנע דעם 500-יאָריקן יובילײ פון יאָהאַן גוטענבערג, דעם דערפינדער פון דרוק, איז דער „העלד פון טאָג״ געווען א אידישער זעצער, ר׳ ישראל-הירש יאָכעלסאָן. ער איז דאַן אלט געווען 95 יאָר און איז געווען דער עלטסטער זעצער אין ווילנע. ער האָט נאָך דאַן געאַרבעט און געפילט זיך גאַנץ שטאַרק. אין דער דאָזיקער פייערונג האָט מען אים אָפּגע־געבן פיל כבוד און דער הויפּט-פּאַרוואַלטער פון דער ווילנער גענעראַל-שטאַב־דרוקעריי האָט געטרונקען א טאָסט לכבוד דעם אידישן זעצער. ר׳ ישראל־הירש, זייענדיק אביסל צעטומלט, האָט אויך מיטגעטרונקען. אויף מאָרגן האָבן די זעצער אין דרוק אים אויפמערקזאם געמאכט, אז ער האָט געטרונקען „יין־נסך״. ער איז דערפון פלוצלונג פאַרענדערט געוואָרן און איז גלייך אריינ־געפאַלן אין א מרה-שחורה, פון וועלכער ער איז אין א פּאָר טעג ארום געשטאָרבן.

נאָך א זעצער איז דאָרטן געווען, ר׳ שמואל טראַכטענבערג. ער האָט געשטאַמט פון דער פאַמיליע תוספות יום טוב, און ער האָט זיך שטענדיק געזאָרגט דערפאַר, אַז ערב ראש חודש אדר זאָל דער יאָרצייט, לויט דער צוואה פון תוספות יום-טוב, אמשענסטן געפּראַוועט ווערן אין ראָמס דרוקעריי. אַ גאַנצן יאָר פלעגט ער קלייבן געלט פאר דעם דאָזיקן טאָג און דערנאָך מאַכן א סעודה פאַר אלע אָנגעשטעלטע אין ראָמס דרוקעריי און אָנגעגרייט פאַר דעם פונם שענסטן און בעסטן. דער יאָרצייט-טאָג איז געווען אַן אמת׳ער יום-טוב אין ראָמס דרוקעריי פאר א סך יאָרן. אינטערעסאנט איז, אַז אפילו נאָכדעם ווי ר׳ שמואל טראַכטענבערג איז געשטאָרבן, האָבן די זעצער אליין אָנגעהאַלטן די דאָזיקע אינסטיטוציע פאר א לאנגער צייט. די זעצער האָבן אויך געהאט אין דער דרוקעריי זייער אייגענע ספר-תורה און פלעגן דאַוונען מנחה און מעריב בצבור. זיי האָבן אויך געהאַט איינעם פון די זעצער, וואָס פלעגט דאָרט גופא פאַרקויפן א שנעפּסל, אַן אַנדערן וואָס פלעגט פאַרקויפן

געבעקס א. אז. וו. מען קען זאָגן, אז אייגענעווירטשאפט און א זעלבסטשטענ־דיגער ישוב . . .

מיט איינעם פון אָט די אַלטע זעצער פון ראָמס דרוקעריי, מיכאל פרוכט (געשטאָרבן אין 1918), איז מיר אויסגעקומען צו ארבעטן דאָ אין ניו יאָרק, אין דער „וואַרהייט". ער איז דאן געווען דער עלטסטער זעצער אין אונזער שריפטזעצער יוניאָן, און איך בין דאַן געווען דער אינגסטער זעצער אין דער „וואַרהייט" (אין 1912). ער, פרוכט, פלעגט עס מיר דערציילן אינטערעסאנטע מעשיות וועגן די אַלטע זעצער פון ווילנע און וואַרשע, מיט וועמען ער האָט צוזאַמען געארבעט נאָך אין „המליץ" און אין ראָמס דרוקעריי, און מיט וועלכע אויך מיר איז נאָך אויסגעקומען צו ארבעטן אין פעטערבורג און אין ווילנע — אָבער דאָס געהער שוין צו אַן אַנדער קאַפּיטל פון מיינע זכרונות, וועלכע וועלן, אַזוי האָף איך, געדרוקט ווערן ביי אַן אַנדער געלעגנהייט.

* * *

אָפּארבעטנדיק א קאַרגן יאָר אין ראָמס דרוקעריי אין ווילנע, דער חלום פון מיין יוגנט, האָב איך געמוזט פאַרלאָזן רוסלאַנד. איך בין דאַן אָפּגעפאָרן קיין אמעריקע, וועלכע איז אין דעם ענין פון אידישער זעצעריי, געווען א היבש ביסל אָפּגעשטאַנען לגבי די גרויסע דרוקערייען פון רוסלאנד און פוילן. עס איז אַוועק א נייע סדרה פון אַרבעט און קאַמף, וואַנדערנישן און גלגולים, לגבי וועלכע די דאָ־אָנגעוואָרפענע פּרטים פון מיין יוגנט קוקן מיר אויס ווי ווייטע, לעגענדאַרע געשעענישן פון אַ וועלט אַ געוועזענער, אַן אַנדערער, איבער וועלכער דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ביסלעכוויַז אַרונטער . . .

## משה שטאַרקמאַן

# מאיר קאַסטאָף

(ביאָגראַפישע נאָטיצן)

אין משך פון די לעצטע דרייסיק—פינף און דרייסיק יאָר האָט דאָס אידישע לעבן ארויסגעגעבן א גאנצע רייע מענטשן, קינדער פון דער אידישער פאָלקס־מאסע, וועלכע האָבן אויף זייערע אקסלען און פלייצעס אריבערגעטראָגן א גאנצע רייע אידישע פארטייען, באַוועגונגען און אפילו געשאפן גרויסע קולטורעלע און גייסטיקע ווערטן. עס איז געווען די אומרואיקייט און דאָס זוכעניש פון דער אידישער פאָלקס־אינטעליגענץ, אָרים אין מיטלען, אָבער רייך אין פאנטאזיע, וואָס האָט ניט געלאָזט דאָס אידישע לעבן פארגליווערט ווערן.

איינער פון אָט דער מחנה אומרואיקע אידישע פאָלקס־אינטעליגענטן איז דער אידישער שריפטזעצער און געזעלשאַפטלעכער טוער, מאיר קאַסטאָף, וועמעס 50־יאָריקער יובילי׳ עס ווערט איצט געפייערט פון זיינע צאָלרייכע פריינט, קאָלעגן און אידייען־חברים.

געבוירען אין פּאָלאָצק, וויטעבסקער גובערניע, רוסלאַנד, ביי אַן אַרבעטער פאמיליע, איז מאיר קאַסטאָף געווען פון זיין פריער יוגנט אָן פארבונדן מיט די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע באַוועגונגען, וועלכע האָבן צו יענער צייט אויפגעשטורעמט דאָס אידישע לעבן אין רוסלאַנד. דורך זיין אַרבעט אַלס זעצער, פריער אין רוסיש און דערנאָך אין אידיש, האָט ער זיך באַזונדערס נוצליך געמאַכט דער באַוועגונג, זעצנדיג פאַר אַ געוויסער צייט די אומלעגאַלע ליטעראַטור פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע“, אָן וועלכער ער האָט זיך, נאָך זייענדיג אין פּעטערבורג אָנגעשלאָסען, און דערנאָך אויך פון די „סיימאָווצעס“־פועלי־ציון. אָבער נאָך דעם שטורעם אין 1905־6 האָט ער, צוליב פאַרשיידענע אומשטענדן, ניט מער געקאָנט פאַרבלייבן אין רוסלאַנד, און ווי אַ סך אַנדערע פון זיינע חברים איז ער אין סוף פון 1906 אַוועק קיין אַמעריקע.

דאָ אין אַמעריקע האָט קאַסטאָף פאַר זיך געפונען אַ ברייט פעלד פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. עס איז געווען די צייט, ווען דר. זשיטלאָווסקי האָט שוין געהאַט דאָ געשטורעמט די פעסטונגען פון דער אַסימילאַציע; דאָס אידישע ליטעראַרישע שאַפן האָט זיך פונאַנדערגעבליט; די אידישע פּרעסע איז זיך ברייט צעוואַקסן, און די פאַרטיי־קאַמפן און פאַרטיי־אַרבעטן זיינען פון דער אַלטער היים אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין נייעם לאַנד אַריין, וואו די טעטיקייט איז געפירט געוואָרן מיט נייע מעטאָדן, ווייל די באַדינגונגען זיינען געווען אַנדערע און קיין קאָנספּיראַטיווע טעטיקייט איז מער ניט נויטיג געווען.

ער האָט זיך גלייך אויסגעלערנט מאַשין־זעצעריי און ווען מען האָט אין

מאָנטרעאַל, קענעדע, געגרינדעט די ערשטע לאָקאַלע טעגלעכע צייטונג, דעם „קענעדער אדלער“, און מען האָט געדאַרפט האָבן אַ זעצער, איז קאַסטאָף אַהין אַוועקגעפאָרן און האָט דאָרט געאַרבעט די ערשטע צוויי יאָר. אים האָט אָבער געצויגען צום צענטער — צו ניו יאָרק. ווען ער איז צוריקגעקומען, איז ער אַריין אין דער דרוקעריי פון גאָלדמאַן און שטיינבערג, וואו עס האָט זיך געדרוקט „די צוקונפט“, די ציוניסטישע „דאָס אידישע פאָלק“, די העברעאישע צייטונג „היום“, ראובן בריינינ׳ס „הדרור“, „דער גרויסער קונדס“, „דער קיבעצער“ און אַ סך אַנדערע זשורנאַלן און ביכער, וואָס מען האָט שוין איצט אויף זיי לאַנג פאַרגעסן. קאַסטאָף האָט אָבער געשטרעבט צו אַרבעטן אין אַ אידישער טעגלעכער צייטונג, און אין סוף 1912 איז ער אָנגעקומען אין מילער׳ס „וואַרהייט“.

אינטערעסאַנט איז, אַז ווען קאַסטאָף האָט געאַרבעט אויף דער „צוקונפט“ און דער דאָזיקער גרויסער חודש־זשורנאַל, האָט דאַן, אין 1912, געפייערט זיין 20־יאָריקן יובילייִ, האָט ער פאַרעפענטליכט אין יובילייִ־נומער אַן אַרטיקל וועגן מאָדערניזירן און פאַראיינהייטלעכען די אידישע אָרטאָגראַפיע. ביי דעם האָט ער זיך נאָך ניט אָפגעשטעלט און ער איז אַרויס מיט אַן אָפענעם בריוו צום דעמאָלסדיקן אידישן ליטעראַטן־קלוב, פאַרלאַנגענדיק פון די שרייבער, זיי זאָלן העלפן לייזן דאָס פּראָבלעם פון אַן איינהייטלעכען אידישן אויסלייג (ספּעלינג). ב. באָראָכאָוו, דער פּיאָנער פון דער אידישער פילאָלאָגיע, ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט זיך גלייך נאָכגעפרעגט אויף קאַסטאָפ׳ן, דעם קעמפער פאַר אַן איינהייטלעכער מאָדערנער אידישער אָרטאָגראַפיע, און ער איז שטאַרק און אַנגענעם איבערראַשט געוואָרן, ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז קאַסטאָף איז עס געווען יענער חבר פון בערדיטשעוו, וועמען מען האָט דאָרט גערופן „שלמה“, און מיט וועמען ער איז באַקאַנט געוואָרן אויפ׳ן היסטאָרישן צוזאַמענפאָר אין 1905.

קאַסטאָף איז די גאַנצע צייט געשטאַנען נאָענט צו די פּועלי־ציון, און ווען אַרבעטענדיק אין דער „וואַרהייט“ האָט ער געזעצט די אַרטיקלען וועגן דער נויטיקייט צו שאַפען אַ גאַנץ באַזונדערן פראַטוירנאַלען־אָרדן פון אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע אַרבעטער און אויך פאַר דער באַוועגונג פון אידישע פאָלקס־שולן מיט אידיש און העברעאיש אַלס לערן־שפּראַכן, איז קאַסטאָף געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אינ׳ם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אין 1912, און אין 1914 איז ער געווען איינער פון די גרינדער און דער סעקרעטאַר פון דער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שול אין בראָנז־וויל אָנגעפירט פון יואל ענטין. דאַן האָט ער באַלאַנגט צום בראָנזווילער בר. 18 פון פאַרבאַנד, וואו ער איז אויך געווען סעקרעטאַר פון ברענטש. שפּעטער האָט ער אָבער געגרינדעט אַ באַזונדערן ברענטש מיט׳ן נומער 83, די גרינדער פון וועלכע זיינען געווען מיטגלידער פון דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, לאָקאַל 83. אין 1916 האָט זיך דער ברענטש 83 פאַראייניקט מיט אַ צווייטן ברענטש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון י. ל. פּרץ. פון דאַן אָן הייסט דער ברענטש „י. ל. פּרץ ברענטש 83“, און קאַסטאָף איז אינ׳ם דאָזיקן ברענטש שטענדיק טעטיק, פונ׳ם טאָג פון זיין גרינדונג ביז אויפ׳ן היינטיגן טאָג. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער גענעראַל־עקזעקוטיווע דריי טערמינען און האָט פון

צייט צו צייט געשריבן אינ׳ם אָרגאַן פון א. נ. א. פּ. און אין די אָרגאַנען פון דער פּאַרטיי. אין דער שריפטזעצער יוניאָן פאַרנעמט קאַסטאָף אויך אַ וויכטיקן פּלאַץ. ער איז איצט דער וויים־פּרעזידענט פון דער יוניאָן צום 4טן טערמין. ער איז שוין אויך פריער, אין 1923, געווען וויים־פּרעזידענט, אויך סעקרעטאַר פון דער יוניאָן, אַ סך מאָל אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיוו־קאָמיטע און אויך אַ דעלעגאַט צו די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן. די לעצטע יאָרן גיט ער זיך אויך זייער פיל אָפּ מיט דער אַרבעט פאַרן געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַר די אידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, און ספּעציעל איז ער געווען טעטיק אינ׳ם „דבר״־קאָמיטעט, וועלכער האָט געהאָלפן אַריבערשיקן זעץ־ און דרוק־מאַשינען פאַר׳ן „דבר״. די דאָזיקע אַרבעט פון העלפן דעם אָרגאַן פון די אידישע אַרבעטער אין א״י באַטראַכט ער פון גרויס וויכטיקייט, ספּעציעל נאָכדעם ווי ער האָט פאַראַיאָרן אַליין באַזוכט ארץ־ישראל, און האָט מיט זיינע אייגענע אויגן געזען דעם גרויסן ווערט פון דער דאָזיקער אַקציע לטובת דעם „דבר״.

אין משך פון די לעצטע 17 יאָר, איז קאַסטאָף פאַרבונדן מיט׳ן „טאָג״ אַלס איינער פון די שריפטזעצער פון דער צייטונג. דורך דער פּעריאָדע איז ער בלויז אויף אַ קורצער צייט אַוועק, אין יאָר 1927, ווען ער האָט געגרינדעט די ערשטע אידישע „מאָנאָטייפּ״־דרוקעריי אין ניו יאָרק. געטאָן האָט ער דאָס אַלס אַ מין פּיאָנערישע אַרבעט איינצופירן אַ נייע סיסטעם צו קענען זעצן העברעאיש מיט נקודות ביים מאַשין, און האָט געהאַט בדעה די דאָזיקע מאַשין אַריבערברענגען קיין ארץ־ישראל. עס האָט זיך אים אָבער ניט איינגעגעבן, און ער איז צוריקגעקומען צום „טאָג״. דאַן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין „גן־רשל״, די ערשטע פון דר. ראָזאָפּ׳ס אַמעריקאַנער פּלאַנצונגס־גרופּן אין א״י, מיט דער האָפנונג צו קענען זיך אַמאָל באַזעצן אין א״י אויף שטענדיק.

קאַסטאָף האָט אויך אַ סך אַנדערע פאַרדינסטן אין זיין געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער האָט געגרינדעט אַ אידישן שריפטזעצער־קלוב פאַר׳ן קרן היסוד, וועלכער האָט געטאָן גוטע אַרבעט אין יענע צייטן; ער האָט אויך געגרינדעט אַ גרופּע פון שריפטזעצער פאַר׳ן אידישן וויסנשאַפטליכן אינסטיטוט, און ער האָט זינט דעמאָלט פיל ביגעשטייערט צום יוו״אָ פאַרשיידענע מאַטעריאַלן פון זיינע געקליבענע דרוק־זאַכן און זעלטענע כתב־יד׳ן, וואָס ער האָט געזאַמלט אין פאַרלויף פון פילע יאָרן, און פאַר וועלכע דער יוו״א האָט צו אים אויסגעדריקט אַנערקענונג און דאַנקבאַרקייט.

דעם גרעסטן טייל פון זיינע 50 יאָר האָט קאַסטאָף אַוועקגעגעבן פאַר אידישער געזעלשאַפטלעכער און טרייד־יוניאָניסטישער טעטיקייט. פאַר די לעצטע פּאָר יאָר איז ער אויך פאַרנומען מיט אַן אַרבעט, וועגן וועלכער ער חלומ׳ט שוין יאָרן לאַנג, דאָס איז דער צוזאַמענשטעל פון אַ בוך וועגן אידישע זעצער, מיט אַ מין ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון אידישע זעצער פון אַמאָליגע יאָרן ביז היינטיקן טאָג. עס איז אַ גאַנץ שווערע אַרבעט, וואָס ווערט אפילו פון קאַסטאָפּ׳ס אייגענע חברים־זעצער ניט ווי געהעריג אָפּגעשאַצט. אָבער צו זיין 50־יאָריקן יובילי ווילן מיר ווינטשן דעם אומרואיקן מאיר קאַסטאָף, אַז אויך די אַמביציע זיינע וועגן „אַ בוך פון אידישע זעצער״ זאָל וואָס שנעלער פאַרווירקלעכט ווערן אויפ׳ן בעסטן אופן, ווי ער שטעלט זיך עס פאָר.

# די פאַמיליע באַגריסט

מיט ליבע און אַכטונג באַגריסן מיר
אונזער ראש המשפחה, צו
זיין פופציק - יאָריקן געבורטסטאָג.

**עני**
**דוד, דר.**
**חיים**
**מאַשאַ.**
**פּאָולין, הערי און חוה׳לע**
**קאַסטאָף - ווינקלער.**

הארציקע באַגריסונג צו אונדזער
ליבן ברודער, שוואָגער און אָנקעל.

**דוד סאַלקין און פאַמיליע.**

---

אונזער גליקוואונטש צום ליבן און
טרייען שוואָגער און אָנקעל.

**היימאַן מוסין און קינדער.**

# פון שרייבער
# צום „בחור הזעצער"

י. אַדלער
א. אַלמי
מיכל אַראָנסאָן
ב. י. ביאַלאָסטאָצקי
דר. יהושע בלאָך
ב. צ. גאָלדבערג
ב. י. גאָלדשטיין
שאול גינזבורג
מ. דאַנצים
ס. דינגאָל
אלכסנדר האַרקאַווי
דר. ש. מאַרגאָשעס

ש. ניגער
י. חייקין
נ. ב. לינדער
א. ליעסין
י. סלאָנים
וו. עדלין
דוד פינסקי
ש. ז. צוקערמאַן
צ. ה. רובינשטיין
זכריה שוסטער
י. י. שוואַרץ
משה שטאַרקמאַן

# באַגריסונג פון
# שרייבער־סטעף פון „טאָג“

דער שרייבער־סטעף פון „טאָג“ נעמט אן אנטייל אין אייער יום־טוב, וואָס איז אויך דער יום־טוב פון א סך אידישע נאציאָנאַל־געשטימטע גרופּעס, צו וועמעס טעטיקייטן איר האָט אזוי פיל בייגעטראָגן.

מיר ווינטשן אַייך, חבר קאַסטאָף, לאַנגע יאָרן פון דערזעלבער יוגנטלעכער ענערגיע, וואָס איז אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַייך, און וואָס איז אָנגעווענדעט צו דערגרייכן דאָס שענסטע אין אונדזער לעבן.

מיט פריינטלעכן גרוס,

די סטעף־קאָמיטע פון „טאָג"

# אַן אויפריכטיקע ברכה

מיין האַרציקסטע באַגריסונג צום האַרציקן מענטשן, גוטן פריינט און חבר, מ א י ר  ק אַ ס ט אָ ף, צו זיין 50סטן געבורטס-טאָג.

די אַמאָליקע שריפטזעצער, פלעגן קוקן אויף זייער פראָפעסיע, ווי אויף אַ מלאכת הקודש — הייליקע מלאכה. ביי אונדזער געשעצטן יוביליאַר, ענדיקט זיך אָבער ניט די הייליקע מלאכה מיט'ן שאַפּ, און מיט זיין אַרבעט אין שאַפּ. ערשט ווען ער גייט אַוועק פון זיין ליינאָ-טייפּ-מאַשין, הויבן זיך אָן ביי אים פילע, און פאַרשיידענע הייליקע מלאכות — פאַר ארץ ישראל, פאַר דער באַוועגונג, פאַר אַלערליי גוטע און וויכטיקע כלל-ענינים. און ביי די אַלע פילע מלאכות, איז יאָ פאַראַן, טראָץ דעם פאָלקס-ווערטל, מזל ברכה — פאַר אַלץ, נאָר צו וואָס אונדזער יוביליאַר לייגט - צו אַ האַנט.

איך, ווי אַ נאָענטער יאָרנלאַנגער שכן פון יוביליאַר, ווייס, אַז וואו עס איז פאַראַן מאיר קאַסטאָף, דאָרט איז פאַראַן טעטיקייט — ענער-גישע און פרוכטבאַרע טעטיקייט. וואו מען זעט נאָר זיין גוטמוטיגן, שמייכלענדן, שיינענדן פּנים, וועט מען שוין אויך זען אין יעדער אונ-טערנעמונג, מזל-ברכה.

און איך ווינש מיין פריינט, דעם געשעצטן יוביליאַר, נאָך לאַנגע-לאַנגע יאָרן אין בעסטן געזונט, און אין קאָכיקער אַרבעט פאַר אַלץ, וואָס איז אונדז טייער און הייליק.

דעם חבר קאַסטאָף, און זיין טרייער לעבנס-באַגלייטערן, חברה קאַסטאָף, מיין אויפריכטיקסטע ברכה.

א. ליעסין

# אַ פאָרשטייער פון זיין פאַך

כ׳באַגרים האַרציק פריינט מאיר קאַסטאָף צו זיין פופ־ציקסטן געבורטסטאָג. כ׳באַגרים אים פערזענליך און — ווי אַ פאָרשטייער פון זיין פאַך.

אין פאַרצייטיגע ספרים פלעגן זיין אָפט הגהות פון בחור הזעצער: ער געהערט, הייסט עס, צו דער משפחה, און די ברוגז'ן, וואָס טרעפן זיך צווישן פאַרפאַסער און זעצער, זיינען פאַמיליע־ברוגז'ן. מיר, די שרייבער און די דרוקער, זיינען, פשוט, צו נאָענט איינע צו די אַנדערע, מיר זאָלן זיך אמאָל נישט צעווערטלען. דער בחור הזעצער זעט אונז, שרייבער, אין נעגליזשע: ער זעט די גרייזן און אונזער האַנטשריפט, אַזוי ווי מיר זעהן — זיינע דרוקפעלערן. איז ער עלול אָפגעקילט צו ווערן צו אונז. אָבער פריינט מאיר קאַסטאָף געהערט צו די, וואָס זיינען ניט אָפגעקילט געוואָרן צום שרייבער. ער האָט פאַר אונז נאָך אַלץ דרך ארץ. און דאָס איז — אַ מדרגה.

בכלל איז דאָס געדרוקטע וואָרט ביים שריפטזעצער אַ וואָכעדיקע זאַך: ער איז אַליין „אין קיך", ער ווייס, ווי מען באַקט עס. און אויב ער ווערט נישט אָן, אַזוי ווי מאיר קאַסטאָף האָט נישט אָנגעוואוירן, דעם אַפּעטיט צו ליטעראַטור, אויב יעדער מאַנוסקריפּט פון אַ שרייבער, וואָס ער שעצט הויך, איז פאַר אים, אַזוי ווי פאַר אונזער פריינט קאַסטאָפ'ן, אַן אוצר, וואָס ער באַהאַלט אים און היט אים אָפּ, איז עס נאָך אַ גרע־סערער סימן, אַז ער געהערט צו דער משפחה, און אַז מיר זיינען אויף זיין שמחה אמת'ע מחותנים. גיב איך אים אָפּ אַן אמת'ן מזל־טוב.

ש. ניגער

אלכסנדר האַרקאַווי

# וועגן אַ לעקסיקאָן פון שריפטזעצער

מיט דאַנק באַשטעטיק איך די קבלה פון אייער מעלדונג וועגן דעם יום־טוב פון דעם פופציקסטן יאָר פון אונדזער געשעצטן חבר מאיר קאַסטאָף, וואָס וועט ווערן געפייערט מיט דער אַרויסגעבונג פון אַ זאַמל־בוך פון פאַסיקע אַרטיקלען און באַגריסונגען.

די קאַריערע פון דעם יובילאַר איז מיר גוט באַקאַנט און איך ווייס און שעץ אָפּ זיין פילפאַכע טעטיגקייט אויף דעם פעלד פון אונדזער קולטור — וואָלט איך געוויס געשריבן עפּעס מער ווי אַ קורצע באַגריסונג, בין איך אָבער ניט געזונט צו שרייבן פיל. איבריקנס, קאָן איך יוצא זיין מיט אַ בריוו, וואָס איך האָב מיין ליבן חבר אַמאָל געשריבן וועגן זיין פּלאַן אַרויסצוגעבן אַ לעקסי־קאָן פון שריפטזעצער.

איך ווינש אונדזער ליבן חבר אין זיינע ווייטערדיקע יאָרן אַרבעטן אַזוי פלייסיק אויף דעם פעלד פון אונדזער ליטעראַטור ביז אַ גרויען גליק־לעכן עלטער!

מיט אַכטונג,

אלכסנדר האַרקאַווי

## אלכסנדר האַרקאַווי׳ס בריוו וועגן לעקסיקאָן פון אידישע שריפטזעצער

18טן אויגוסט, 1933.

זייער חשובער פריינט, מאיר קאַסטאָף!

אייער בריוו פון 7טן ד. ח. האָב איך דערהאַלטן. עס פרייט מיך צו וויסן, אַז איר האָט אַלץ ניט פאַרגעסן אָן דעם פּלאַן, מיט וועלכן איר גייט שוין אַרום אַזאַ לאַנגע צייט — אַרויסצוגעבן אַ ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון יידישע שריפט-זעצער.

איר האָט מיך מיט אייער פּלאַן שוין באַקאַנט געמאַכט מיט עטלעכע חדשים צוריק, כ׳האָב אייך אָבער אַלץ ניט געקענט געבן קיין באַשטימטע תשובה; האָב געדאַרפט האָבן פיל ישוב, כדי אייך צו קענען ענטפערן.

פון דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך ניט געזען, האָב איך פיל נאָכגעטראַכט וועגן אייער אונטערנעמונג. איך טייל אייך מיט דעם שלום, צו וועלכן איך בין געקומען. עס

דריי-און-דרייסיק

פאַרשטייט זיך, אַז מיין שלום איז אַ מיינונג פון אַ יחיד. איך זאָג ניט און קען ניט זאָגן „קבלו דעתי".

ערשטענס וועגן דעם פאַרנעם. אייער לעקסיקאָן דאַרף זיך באַגרענעצן אויף דעם אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר יידישן זעצערטום. אַן אַל־וועלטלעכער לעקסיקאָן וועט אייך פאַרפירן אין אַזעלכע מדבריות, אין וועלכע איר וועט פאַרלירן דעם וועג. אפילו מיט אַט דער באַגרענעצונג וועט אייער אַרבעט אויך ניט זיין קיין גאָר לייכטע. יידישע שריפטזעצעריי אין אַמעריקע הייבט זיך ניט אָן מיט דער „שריפט־זעצער יוניאָן"; לאַנג פאַר איר זיינען שוין אין דעם לאַנד געווען זעצער פון העברעאישע אותיות — אין יידישע דרוקערייען זינט די 50-קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט און נאָך פריער אין קריסטלעכע דרוקע־רייען. ס'פאַרשטייט זיך, אַז מ'קען איצטער ניט דערגיין, ווער עס זיינען געווען די זעצער פון יענע צייטן. עס זיינען אין לאַנד אויך געווען קריסטן, וואָס האָבן געזעצט יידישע (העברעאישע) ווערק. דער טעקסט און דער פירוש אויף איוב פון דעם באַרימ־טען באַלטימאָרער ראַבינער, דר. בנימין סאָלד, אין 1886, איז געזעצט געוואָרן פון אַ קריסט, וואָס האָט זיך צו דעם צוועק אויסגעלערנט דעם העברעאישן א"ב מיט די נקודות. וועגן אַט די אומבאַקאַנטע יידישע זעצער פון די פריערדיקע צייטן קענט איר נאָר האָבן אַן „עם־כל־הנערים" נאָטיץ אין דעם אַריינפיר צו אייער ווערק.

צווייטנס דאַרפן אין אייער לעקסיקאָן געגומען ווערן אין באַטראַכט נאָר אַזעלכע זעצער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער פאַך. געבן ביאָגראַפישע נאָטיצן פון יעדן איינעם, וואָס אַרבעט אַלס זעצער, ניט קוקנדיק אויף דעם, צי ער איז אַ מייסטער אָדער ניט, האָט ניט קיין זין. איר קענט דאָך ניט אַריינגעמען אין אייער צעטל אַזעלכע זעצער, וואָס זייער גאַנצע אַרבעט באַשטייט אין אויפזעצן אַ סירקולאַר, אָדער אַ בלאַנק פון אַ בריוו אין אַ „דזשאַב"-דרוקעריי. אייער מאָסשטאַב דאַרף זיין: זעצער פון צייטונגען, זעצער פון ליטעראַרישע ווערק, קונסט־זעצער פון אַנאָנסן. פאַר דעם כבוד פון דעם זעצער־פאַך קענט איר אויך אריינגעמען אַזעלכע, וואָס זיינען ניט געווען קיין גרויסע קענער פון זעצעריי, וואָס זיינען געווען נ ו י ט-זעצער, ווי צ. ב. דער געלערנטער מרדכי יהלומשטיין (כתריאל שרהזאָנס שוואָגער), וואָס איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין דער העברעאישער צייטונג אין ניו יאָרק „הצופה בארץ החדשה" און האָט זיינע אַרטיקלען אַליין געזעצט; אָדער דער מלומד, העגרי גרשוני, וואָס האָט אַליין געזעצט יידישע צייט־שריפטן, וואָס ער האָט רעדאַקטירט; אָדער דר. דוד גאָלדבלאַט, וואָס זעצט אַליין זיינע ווערק. ענדלעך קענען אריינגענומען ווערן אַזעלכע זעצער, וואָס זיינען ניט געווען גרויס אין זייער פאַך, נאָר האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט דעם, וואָס זיי האָבן אָרגאַניזירט דעם זעצער-פאַך אין אַמעריקע.

דריטנס דאַרפן די ביאָגראַפישע נאָטיצן זיין אַזוי פאַרפאַסט, אַז עס זאָל ניט זיין קיין פאַרברייטערונג וועגן זייטיקע זאַכן. די הויפּט־זאַך איז דער זעצער-פאַך — וועגן דעם מעג אַלץ געגעבן ווערן באריכות: וואו דער זעצער האָט זיין קאַריערע אָנגעהויבן, ביי וועלכע שריפטן אָדער ווערק ער האָט געאַרבעט, א. אַז. וו. אויב אַ זעצער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שריפטשטעלעריי, ווי ז. לעווין, אָדער מיט אַנדערע טעטיקייטן, זאָלן דיזאָזיקע אויסצייכענונגען אָנגעגעבן ווערן בתכלית הקיצור. לאַנגע ביאָגראַפיעס פון דער רעדאַקציע אָדער אַווטאָביאָגראַפיעס זאָלן לחלוטין אויסגעמיטן ווערן. אַלע אַנדערע טעטיקייטן געהערן צו אַנדערע לעקסיקאָנען. אַ לעקסיקאָן פון זעצער דאַרף זיין בעיקר אַ לעקסיקאָן פון זעצער — ניט מער!

אַזוי איז מיין מיינונג. אָבער איך זאָג ניט: „קבלו דעתי". ווען איר ווילט מיינע עצות, בין איך שטענדיק גרייט זיי אייך צו געבן.

איך ווינטש אייך הצלחה אין אייער אַרבעט און פאַרבלייב אייער איבערגעגעבענער פריינט,

אַלכסנדר האַרקאַווי.



) א מוסטער פון דער אַנקעטע פאַרן „ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון אידישע זעצער" ווערט געבראַכט אויף זייט 124.

דוד פינסקי

# מאיר קאַסטאָף—דער שֵמות־קלייבער

מאיר קאַסטאָף . . . אַ נאָמען, וועלכן מ׳טרעפט אָן אַזוי אָפט אין פאַרבינדונג מיט פאַר־שיידענע קָהל׳שע אַרבעטן.

וואונדערט זיך געוויס דער, וואָס ווייס נישט: ווער איז ער? וואָס איז ער, דער מאיר קאַסטאָף? און טראַכט צומאָל, דאָס מוז עפּעס זיין אַ אידישער כּלל־טוער, וואָס האָט אַ סך געלט און אַ סך צייט און ווייניק קאָפּדרייעניש . . .

און דער מאיר קאַסטאָף איז דאָך כָּל יָמיו בלויז אַן אַר־בעטער, וואָס וויל פאַרבעסערן דאָס לעבן פון דעם אידישן אַרבעטנדיקן מענטש. און ווייס, אַז מיט וועלן אַליין טאָר מען נישט אָפּקומען, נאָר מען מוז צולייגן אַ האַנט און העלפן און טאָן, און אָפט אויך איינשטעלן, קרבָּנות ברייגנען.

האָט ער צוגעלייגט אַ האַנט, ווען ער איז געווען אין רוס־לאַנד, און הערט נישט אויף צוצולייגן אַ האַנט די אַלע יאָרן, וואָס ער איז אין אַמעריקע. אַלס פירנדיקער חַבר אין זיין יוניאָן, אַלס חַבר פון דער פּאַרטיי פּועלי־צִיון, אַלס חַבר פון דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אַלס טעטיקער מיטגליד פון פאַרשיידענע קאָמיטעטען און אָרגאַניזאַציעס. אומעטום אַ מיטהעלפער נישט בלויז מיט אַ בייטראַג, וויפיל די מאָגערע קעשענע פון אַן אַרבעטער קאָן דערלויבן, נאָר מיט ראַט און טאַט, מיט איבערגעגעבענער, אומדערמיד־לעכער אַרבעט.

איז דערפּאַר אומעטום—מאיר קאַסטאָף. אַ שליח־ציבור, אַ קָהל׳שער מענטש.

אָבער איך ווייס פון אים עפּעס, וואָס נישט אַלע ווייסן.

מאיר קאַסטאָף איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון אידישן שאַפן און אידישע שאַפער. אַלס זעצער זיינען דורכגעגאַנגען דורך זיינע הענט אַ סך מאַנוסקריפּטן פון אַ סך אידישע שרייבער. וואָס געשעט מיט די אויסגעזעצטע מאַנוסקריפּטן? זיי ווערן אומניצלעך פּאַפּיר, ווי זיי ווערן נאָר אָפּגעדרוקט, און מ׳וואַרפט זיי אַרויס. אָבער נישט אַלע מאַנוסקריפּטן, וואָס זיינען דורכגעגאַנגען דורך די הענט פון מאיר קאַסטאָף. אַ מאַנוסקריפּט, געשריבן מיט דער האַנט פון אַ אידישן שרייבער, וועמען ער ליבט, איז פאַר אים אַ זייער ווערטפולע בכָבודיקע זאַך. ער האָט פאַר אים דֶרך־אֶרץ, ער איז אים טייער. מאיר קאַסטאָף וואַרפט אים נישט אַרויס. ער נעמט אים אַוועק. ער באַהאַלט אים.

האָט איר געוואוסט, אידישע שריפטשטעלער, אַז עס איז פאַראַן אַ אידישער זעצער, וועמען עס זיינען טייער אַייערע מאַנוסקריפּטן, וואָס אייך אַליין האָט נישט געקימערט, זיי זאָלן אַרויסגעוואָרפן ווערן?

דאָס איז מאיר קאַסטאָף.

ווען איר וועט זיך מיט אים טרעפן, האָט פאַר אים שטאַרקן דֶרך־אֶרץ, ווייל ער טראָגט אין זיך אַזוי פיל ליבע צו אייך און האַלט אייך אַזוי ערליך.

און איצטער צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג שטייט־צו צו מיין האַרציקסטער בּרָכה, וועלכע איך שיק אים.

זאָל ער נאָך לאַנג לעבן און טעטיק זיין און הנָאה האָבן פון אונזערע שריפטן.

# באַגריסונג פון ערשטן רעדאַקטאָר פון „פריינד“

גערטער פריינט מ. קאַסטאָף !

מיט גרויס פרייד שטעל איך אַריין מיין נאָמען אין דעם יובילייי־קאָמיטעט אויף צו פייערן אייער 50טן געבורטסטאָג.

פאַר מיר פערזענלעך איז אַ באַזונדער פאַרגעניגן צו באַגריסן אייך, אַלס אַמאָליקן זעצער פון דער צייטונג „פריינד“, וואָס איך האָב מיט יאָרן צוריק רעדאַקטירט אין פעטערבורג. מיט אייער אַרבעט בייב „פריינד“ זענען ביי מיר פאַרבונדן פיל אָנגענעמע ערינערונגען.

איך ווינש אייך אַלזאָ פיל גליק, געזונט און כוחות, איר זאָלט נאָך לאַנג פאָרטזעצן אייער נוצלעכע אַרבעט.

מיט בעסטן גרוס,

אייער שאול גינזבורג

זיבן-און-דרייסיק

דר. יהושע בלאָך

# אַ מיינונג וועגן זעצערשן לעקסיקאָן

צום קאָמיטעט וואָס גיט ארויס דעם יובל־בוך לכבוד מאיר קאסטאָפּס פופציקסטן געבורטסטאָג.

עס איז א פיינער און אָריגינעלער אופן, אָט די דאָזיקע פייערונג פארן „בחור הזעצער". איך קען שוין קאַסטאָפּן פאר א סך יאָרן, און איך האָב געהאַט בדעה אנטייל צו נעמען אין אָט דעם זאַמלבוך דורך א פּאַסיקן ליטע־ראַרישן בייטראג: אן ענין וואָס האָט צו טאָן מיט דער געשיכטע פון העב־רייאישן און אידישן דרוק־וועזן, און איבערהויפּט מיט דער ראָל, וואָס דער „בחור הזעצער" האָט געשפּילט אין איר אנטוויקלונג. ליידער האָט זיך עפּעס געמאַכט א צופאַל, און איך האָב מיין ארבעט ניט געקאָנט פארענדיקן אין צייט, און איך מוז זיך דערפאר איצט צופרידנשטעלן מיט די עטליכע שורות, וועלכע וועלן ברייגנען מיין גליקוואונטש צו זיין יובליי: זאָל די קאַריערע פון מיין פריינט מאיר קאסטאָף אין דער געשיכטע פון דעם קולטורעלן און פּאָליטישן גאַנג פון דער לעצטער תקופה אין דער געשיכטע, שטיין אלס א ביישפּיל פאַר א סך פון זיינע קאָלעגן „בחורים זעצערס", און זיי זאָלן לערנען פון אים ווי צו דינען דעם אידישן פאָלק און דעם אידישן שריפט און בוך.

איך האָף, אז פון איצט אָן וועט מאיר קאסטאָף זיך ערנסט אָפּגעבן מיטן זאמלען און פאָרשן דעם מאטעריאל וואָס ער האָט נויטיק, פאר זיין לאנג־געפּלאַנטן „בוך וועגן אידישע זעצער", אָדער דעם „ביאָגראַפישן לעק־סיקאָן פון אידישע שריפטזעצער און דרוקער". ווי קאסטאָף ווייס, בין איך שטענדיק באַרייט אים צו העלפן אין דער דאָזיקער וויכטיקער אונטערנעמונג. זאָל ער זיך נאָר נעמען צו דער אַרבעט, און ער וועט זיכער האָבן דערפאָלג, וואָס איך ווינטש אים פונם גאנצן הארצן. אמת, כל התחלות קשות, דער אָנ־פאַנג איז שווער. אָבער זיין איבערגעבנקייט צום אידישן וואָרט און צום אי־דישן שריפט, זיין באגייסטערונג פאר דער זאַך און די שטיצע וואָס ער וועט זיכער קריגן פון פאַכמענער און קאָלעגן, וועלן מאכן די ארבעט לייכטער און גרינגטלעכער. און מיט דער איבערצייגונג, אז דאָס דאָזיקע ווערק איז נויטיק און אז מיין הילף און מיטארבעט איז שטענדיק צוגעזאגט צו אים, ווינטש איך אים דערווייל מזל־טוב צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג.

ערגעבענסט,

**דר. יהושע בלאַך.**

ניו יאָרק פּאַבליק לייברערי.

וויליאַם עדלין

# מאיר קאַסטאָף — איינער פון די געזעלשאַפט - נוצליכע

(צו דער געלעגנהייט פון זיין פופציקסטן געבורטסטאָג)

ס׳זיינען דאָ מענטשן, וועמעס נוצלעכקייט פאַר זייערע מיט-מענטשן איז ניט אָפּצושאַצן. פּשוט דערפאַר, וואָס זיי פילן אין זיך דעם דראַנג צו טאָן זאַכן, וואָס אַנדערע פאַרנאַכלע-סיקן — זאַכן, וואָס יעדער איינער פילט, אַז ער דאַרף אַליין טאָן, נאָר ער טוט עס ניט צוליב טויזנט און איינס אורזאַכן. די אַרבעט פון יענע מענטשן קען מען ניט וועגן און מעסטן און אויך ניט פאַרגלייכן.

צו אָט דער דאָזיקער קאַטעגאָריע מענטשן באַלאַנגט דער שריפט-זעצער, מאיר קאַסטאָף, וועמעס פופציק יאָריקער יובליי ס׳ווערט איצט געפייערט.

ער, מאיר קאַסטאָף, איז אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש, אַ כלל-טוער, אַן אידעאַליסט. ניט אין זיין אויסדערוויילטער פּראָפעסיע ליגט זיין וויכטיקייט, נאָר אין דעם נוץ וואָס ער האָט געמאַכט פון זיין שריפט-זעצעריי פאַר העלפן דעם פאָרטגעשריטענעם געדאַנק אויסשפּרייטן זיך איבער דער גרויסער וועלט. ניט פאַר זיין אָפּלעבן פופציק יאָר ווייזט מען אים איצט אַרויס כבוד, נאָר פאַר דעם וואָס ער האָט, זינט ער איז געווען אַ יונגער בחור׳ל, זיך געווידמעט אינגאַנצן צו געזעלשאַפטלע-כער אַרבעט. ניט צוליב זיין קהל׳ן זיך סתם אין דער וועלט אַריין ווערט ער געאַכטעט, נאָר פאַר זיין שטענדיקן טראָגן אין זיין האַרצן אַ דינאַ-מישע ליבע צום אידישן פאָלק, אין וועמעס אויסלייזונג און באַפרייאונג ער איז תמיד געווען שטאַרק פאַרקאָכט.

יאָ, פּאַרקאָכט — דאָס איז דאָס ריכטיקע וואָרט. מאיר קאַס־טאָף קען ניט זיין געלאַסן כל זמן דאָס פאָלק ישראל איז אין גייסטיקן און פיזישן גלות. ער קען ניט שטילן זיין שטורמישן גייסט כל זמן די וועלט גיט ניט אַ געלעגנהייט דעם האַרעפּאַשניק בכלל און דעם אידישן אַרבעטער בפרט, אויסצולעבן זיך פריי, ווי עס פּאַסט פאַר קולטורעלע מענטשן. ער איז דאַריבער שטענדיק פאַרטאָן מיט ארץ־ישראל אַרבעט — אָט קלייבט ער געלט פאַר קויפן אַ זעץ־מאַשין, אָדער אַ פּרעס, פאַר די חלוצים אין ארץ ישראל; אָט פאַרקויפט ער שקלים; אָט רופט ער צו אַ צוזאַמענקונפט פון הסתדרות פירער; אָט זאַמעלט ער פאַר'ן גע־ווערקשאַפטן־קאַמפּיין פון דער ארץ ישראל אַרבעטערשאַפט. ער איז אַלע מאָל געלאָדן מיט פּאָדערונגען, מיט איינלאַדונגען, מיט אַרגומענטן. ער אַפּעלירט, ער אַרגומענטירט, ער גיט אינפאָרמאַציע וועגן פאָרט־שריט אויף דעם אָדער יענעם געביט — ער איז, אין קורצן, אַ וואולקאַן פון ענערגיע אין די אינטערעסן פון דעם אויפבוי אינ'ם אידישן היימ־לאַנד.

ער טוט די אַרבעט פון אַנדערע. ער ווערט קיינמאָל ניט מיד. ער וועקט און אינספּירירט. ער באַלאַנגט צו יענע יחידים, וואָס זיינען פול מיט באַגייסטערונג און וואָס שרעקן זיך ניט אָפּ פאַר קיין שוועריקייט. ער האָט אין זיך דעם דראַנג און דעם ווילן און דעם מוט צו טאָן די זאַכן, וואָס אַנדערע פאַרפעלן צו טאָן.

און אין דעם באַשטייט זיין הויפּט געזעלשאַפטלעכע וויכטיקייט. אַזעלכע מענטשן זיינען אַ געווינס פאַר יעדן פאָלק. זיי טראָגן אויף זיך דעם יאָך פון אַנדערע. זיי זיינען די וועק־זייגערס פאַר די פוילע און די גלייכגילטיקע...

אַזאַ מענטש איז מאיר קאַסטאָף, דער שריפטזעצער און פּועלי־ציוניסט, דער איבערגעגעבענער טוער פאַר ארץ ישראל, דער אייביק יונגער, נשמה'דיקער קאָלעגע און פריינט, וועמען איך באַגריס האַרציק צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג, און ווינטש ער זאָל אין זיין לעבענס־צייט האָבן די באַפרידיגונג צו זען זיינע אידעאַלן פאַרווירקלעכט אין לעבן.

פּערציק

# דרך־ארץ פאַרן אידישן וואָרט

אין די אַלטע ספרים ווערט געדענקט צום גוטן דער בחור הזעצער. ער פלעגט טאָן זיין אַרבעט ניט אַזוי צוליב לוין, ווי אויס ליבע צו דער זאַך, אויס איבערגעבנקייט צו דעם כתב יד, וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט. און טאַקע דערפאַר פלעגן די אַלטע ספרים אַרויסקומען אַזוי ריין, אָן פעלערן, און אַזוי אָפּגעהיט אין זאַץ, אַז ס'איז נאָך היינט אַ פאַרגניגן צו קוקן אויף זיי.

מאיר קאַסטאָף דערמאָנט מיך אין דעם בחור הזעצער. זעלטן, אַז אימיצער אין דער זעצעריי גיט זיך אָפּ אַזויפיל מיט אַ מאַנוסקריפּט, ווי ער. ווען מיינע כתבים האָבן דאָס גליק אַריינצופאַלן אין זיינע הענט, בין איך רואיק. כ'ווייס, אַז ס'איז דאָ ווער ס'זאָל אויף זיי אויפפּאַסן און זיי באַהאַנדלען מיט אַ מאַמישער געטרייקייט.

פון קאַסטאָפּ'ס דרך ארץ פאַר'ן אידישן וואָרט, וואַקסט אַרויס זיין איבערגעבענקייט צו דער אידישער נאַציאָנאַלער אידעע. ער באַגנוגנט זיך ניט בלויז מיט זעצן יענעמ'ס שריפטן, ער וויל מיטהעלפן אין איבערזעצן די אידישע חלומות אין אַ ווירקליכקייט.

איך ווינטש אים פונ'ם גאַנצן האַרצן, אַ ווייטערע פאָרטזעצונג פון זיין באמת פרוכטבאַרער טעטיגקייט.

דר. ש. מאַרגאָשעס

איין־און־פערציק

# אַ „פּאַרשפּעטיקטער" יובילײ...

מיט פאַרגעניגן באַגריס איך מײן פרײנט, מאיר קאַסטאָף צו זײן פופציק-יעריקן געבורטסטאָג.

לויט דער טעטיקײט און דער ענערגיע וואָס ער האָט ביז איצט אָפּגעגעבן און גיט אויך איצט אָפּ צו די פאַרשײדענע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס מיט וועלכע ער איז פאַרבונדן, האָט מען זײן פופציק-יעריקן יובילײ געדאַרפט פײערן מיט פופציק יאָר צוריק.

איך קען מאיר קאַסטאָף ניט נאָר אונטער דעם באַשײדענעם טיטל פון „בחור הזעצער", נאָר אַלס אַ וויכטיקן טוער און אָנפירער פון דער נאַציאָנאַלער אידישער באַוועגונג אין אַמעריקע און פאַר דער הסתדרות אין ארץ ישראל. איך שליס זיך אָן מיטן גאַנצן האַרצן צו די אַלע ברכות און גליקווינטשונגן צו זײן פופציק-יעריקען געבורטסטאָג. זאָל ער נאָך לאַנג זעצן און פאָרזעצן זײן ארבעט צווישן אונז.

מיט אַכטונג,

ס. דינגאָל

# באַגריסונג

איך האָב אלעמאָל געהאַלטן דעם זעצער פאר א מחותןביים שרייבערשן טיש:

א סך אַרטיקלען און דערציילונגען קוקן אויס גאָר אָן א שיעור בעסער אין זאַץ ווי אין מאַנוסקריפט, און ניט איין מאַנוסקריפט איז ארויס בשן־ועין פון זעצערשע הענט, צום גוטן ווי צום שלעכטן. דער זעצער איז מיט אונז, און מען דאַרף אים אריינרעכענען אין דער משפחה.

מאיר קאַסטאָף געהערט צווישן די זעצער וואָס „צום גוטן". ער איז טאקע אביסינקע א באַריידעוודיקער און האַלט פון מאיר קאסטאָפ'ן, אבער פון די שרייבער האַלט ער נאָך מער. ער איז פון די געציילטע זעצער ביי אידן וואָס היטן אָפּ מאַנוסקריפטן און האָבן נאָך א יראת־הכבוד פארן געשריבענעם וואָרט.

איין גאָט ווייס, ווי שווער דאָס איז פאר א זעצער וואָס זעט דעם געדרוקטן וואָרט — נאַקעט.

דערצו איז מאיר קאַסטאָף געוועזן אַקטיוו אין דער באַוועגונג מיט היבשע אויפטוען — נאָר וועגן דעם זאָלן אַנדערע שרייבן און אורטיילן.

איך וויל דאָ באַגריסן קאסטאָפ'ן צו דער פייערונג פון זיין יובילעי. זאָל ער לאַנג לעבן און אָנהאלטן זיין וואַרעמע באַציאונג צום אידישן וואָרט, און זאָל אָט די פייערונג דינען פאר אַביישפּיל פאַר אַנדערע זעצער — אַלט צו ווערן פופציק יאָר אין כבוד און אָנזען און פייערן יובילייאומס.

ב. צ. גאָלדבערג

# אַ בריוול צו מאיר קאַסטאָף

ליבער פריינט:

... הייסט עס, אַז איר זענט שוין אויך אַ פופציקער. אַך, ווי די צייט לויפט! דוכט זיך, אַט ערשט ניט לאַנג, מיט אַ צוואַנציק־דרייסיק יאָר צוריק זענען מיר ביידע געווען יונגעלייטלעך „מיט אַ צוקונפט”. איהר דאָרטן, אין אייער רוסלאַנד, און איך אין מיין גאַליציע, האָבן מיר זיך ביידע אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק „צו פאַרברענען די וועלט”, אָבער ווען מיר זענען געקומען קיין אַמעריקע, האָבן די וואַסערן פון קוני איילענד אונדז ביידן אָפּגעקילט — ביז צו אַ געוויסער מאָס. געלויבט דעם אויבערשטן פאַר דעם ביסל וואַסער אין קוני איילאַנד . . .

פונדעסטוועגן האָט איהר יאָ עפּעס דערגרייכט. איהר האָט דערגרייכט די אַנערקענונג פון אַ גרויסן און וויכטיקן אידישן עולם פאַר אייער ערלעכער אַרבעט פאַר דעם אויפבוי פון אונדזער לאַנד. די אַנערקענונג, וואָס איהר קריגט, איז אַ פאַרדינטע, אָבער איך האָב מורא, אַז די אַלע לויב־געזאַנגען זאָלען אייך, חס ושלום, ניט קאַליע מאַכען, ווייל — איהר ווייסט דאָך — אַ מענטש איז ניט מעהר ווי אַ מענטש — און ביי די ערשטע פופציק יאָר טאָר מען אים ניט צופיל לויבן.

זעט איר, מיט צוואַנציק יאָר שפּעטער, ווען איר וועט שוין האָבן דערגרייכט די אמתע רייפע יאָרן, וועלן מיר אַריינשטעלן אַ נייע פעדער אין פּעדער־האַלטער, אָנגיסן פרישע טינט אין טינטער און — גלויבט מיר — עס וועט גיין אַ גאַנג.

ווען יונגע, פופציק יעריקע צוציקעס האַלט איך זיך צוריק פון שרייבן, איך האָב ליב צו באַהאַנדלען אַן אַלטן, ווייס־האָריקן גרייז.

און ביז דאַן, פריינט קאַסטאָף, וואָס ווייניקער גרייזן ביי דער זעץ־מאַשין.

אויפריכטיג אייערער,

צ. ה. רובינשטיין

י. סלאָנים

# גוטע פריינט

(געווידמעט צו מאיר קאַסטאָף)

ווער עס האָט ליב זען פאַרשיידענע לענדער,
איך האָב ליב זען פאַרשיידענע מענטשן.
די שלעכטע, די העלף איך צו ווערן פאַרבעסערט,
די גוטע — זיי טו איך נאָר בענטשן.

און ליבע חברים, די האַרציק-געטרייע,
האָב איך אויף מיין רייזע מיט זיך מיטגענומען,
איך האָב זייער גוטסקייט אין פלאַמען צעליטערט
ביי מיר אינם האַרצן, אין שטומען.

און זיין איך אין איינזאַמער שטילקייט, באַזונדער,
און הער דעם געברויש פונם ים, פונם שוואַרצן,
דאַן פיל איך די גלעטנדע הענט פונם וואונדער,
דאַן הער איך די ברכות פון פריינט אין מיין האַרצן.

פאַרגעס איך די שטונדן, פון פינסטערע ליידן,
פאַרגעס איך די נעכט פון טומאַנען פאַרצויגן,
איך זע נאָר געזיכטער מיט גוטסקייט, מיט פריידן,
און גליענדע, קושנדע אויגן.

אין צאָרן פון שטורמיקע, רוישיקע כוואַליעס,
אין ווילדן, אין שרעקעדיקן שטורם-געשריי,
שטיי איך אומדערשראָקן, — איך בין אַ געשטאַרקטער,
איך זע אומעטום זיי.

און הערט אויף דער ווינט זיך צו בייזערן, שרייען,
ווערט שפּיגלדיק-בלוי דער אַטלאַנטיק צוריק,
דאַן בעט איך דער ווינט זאָל ווייט-ווייט אין ניו-יאָרק
מיין ברכה זיי ברענגען פון האָפענונג און גליק.

ווער עס האָט ליב זען פאַרשיידענע לענדער,
איך וויל זען מענטשן אין לעבן אין שווערן,
און וואו איך וועל זיין וועל איך גוטסקייט נאָר זוכן,
און גוטסקייט באַלייכטן מיין וועג וועט מיט שטערן.

# אַ האַרציקע באַגריסונג

אַ האַרציקע באַגריסונג דעם ליבן חבר מאיר קאַסטאָף צו זיין 50־יאָריקן יובילײ. איינעם פון די געצײלטע אידישער זעצערס וואָס זיינען איבערגעגעבן בלב ונפש דעם אידישן קינסטלערישן וואָרט. דעם יעניגן, וואָס געפינט אין זיין ארבעט ניט נאָר אַ „קרדום לחפור בו״ — נאָר אויך א קוואַל פון ליבע און באַגײסטערונג. לאָמיר אַלע דערלעבן, חבר קאַסטאָף, און פייערן אייער דימענטענעם יובילײ.

מיט די בעסטע וואונטשן,

י. י. שוואַרץ

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# „הבחור הזעצער"

„הבחור הזעצער".

אָט דער אויסדרוק, האָט זיך באַוויזן גאָר אַמאָל, ביי דעם געבורט פון אונזער אידישער פּרעסע. ביים געבורט פון געדרוקטן אידישן וואָרט.

ניטאָ אַזאַ מין וואָרט ביי די אַמעריקאַנער דרוקער; ניטאָ אַזאַ מין וואָרט — און באַגריף — וועגן די רוסישע שריפטזעצער. ביי אונדז, אָבער, איז דער „הבחור הזעצער" אַ שטיק געשיכטע; ביי אונז, האָט דער „בחור הזעצער" געשפּילט אַ גרויסע ראָליע. מען האָט געדאַרפט געפינען דעם זאַץ, די שריפט פאַר'ן אידישן וואָרט; מען האָט געדאַרפט אַנטוויקלען די אידישע דרוק, און אָפט — ביי גאַנץ ביטערע אומשטענדן, סאַי פון שרייבער, סאַי פון שריפטזעצער. מען האָט געדאַרפט אָפט אַן עצה געבן דעם אידישן שרייבער... מען האָט געדאַרפט איינפירן אַן אָרטאָגראַפיע, אָרדענונג ביים אויפזעצן און דרוקן די אידישע אותיות; מען האָט געדאַרפט איינפירן אַ נוסח — ניט נאָר אין שרייבן, נאָר אויך אין זעצן, און דרוקן...

האָט זיך באַוויזן דער אינטעליגענטער שריפטזעצער, דער אידעאַליסט, דער וואָס האָט צו זיין מעכאַנישער דרוק־אַרבעט געבראַכט דעם ציטער פון פרומען סופר, וואָס האָט זיך געבויגן איבערן פּאַרמעט, ביים שרייבן אַ ספר תורה... אַזוי האָט זיך דער אידעאַליסטישער זעצער געבויגן איבער דער מאַשין, און איבער די קעסטלאַך מיט די אידישע אותיות. אידישע אותיות אין דרוק — דאָס איז געווען אַ נייעס, אַ גאַנג צו קולטור. אין יענע יאָרן איז קלייבן די אידישע אותיות געווען — יצירה, שאַפונג.

האָט זיך באַוויזן דער אינטעליגענטער, אידעאַליסטישער, „הבחור הזעצער", וואָס האָט אין דעם אַלעמען געשפּילט די ראָליע פון אַ פּיאָנער.

איך וואָלט זאָגן: ניט יעדער שריפטזעצער האָט זיך פאַרדינט דעם אויסדרוק, די באַצייכענונג: „הבחור הזעצער“ אין ברייטן זין פון דעם וואָרט.

אָבער, דער בעל היובל, דער בן חמשים, מאיר קאַסטאָף, האָט זיך עס יאָ פאַרדינט. ער איז געווען פון זיין יוגנט אָן אַ זעצער, וואָס האָט ליב באַקומען „די אידישע אות׳יעלעך“, די אידישע שריפט, די אידישע קולטור־שאַפונג.

לייגט זיך אַן אות צו אַן אות, אַ זילב צו אַ זילב, אַ וואָרט צו אַ וואָרט — ווערט געבאָרן אַ שורה, אַ ליד, אַן עסיי, אַ ראָמאַן.

איך קען דעם בעל היובל און קען זיין לעבן. גראָד האָט זיך מיר געמאַכט מיט אַ יאָר 18 צוריק צו זיין אַ שטיקל צייט אַ לערער ביי זיינע קינדער, און איך האָב געזען זיין היים, זיינע ספרים, דעם פיינעם אידיש־וועלטליכן תוך ביי אים אין הויז.

ער איז פון די אמת׳ע „הבחור הזעצערס“! ער האָט באַלעבט די אותיות און אַריינגעבראַכט ליבע צו דער אידישער קולטור. מיט דעם דרוק, מיט דעם אידישן וואָרט איז ער געוואַקסן.

מאיר קאַסטאָף איז אַ פועלי־ציוניסט. איך ווינש אים צו זיין 50סטן געבוירן־טאָג, ער זאָל אויף ווייטער אויך בלייבן דער אידישער „הבחור הזעצער“, און זאָל אויך אויף ווייטער קעמפן פאַר דער חשיבות פון דעם אידישן וואָרט, דאָ, און אומעטום, און אויך אין דעם פאַר־העברעאיזירטן ארץ ישראל. מאיר קאַסטאָף מיט זיין ליבע צו ארץ ישראל טאָר אָבער ניט פאַרלירן די ליבע און איבערגעבנקייט צום אי־דישן וואָרט. איך בין איבערצייגט, אַז ניט!

איך שליס זיך אָן אין זיין יום־טוב!

מרדכי דאַנציס

# מיין פריינטשאַפט מיט מאיר קאַסטאָף

מאיר קאסטאָף איז „מיין שאָטען", וואָס באגלייט מיך כמעט פון דעם ערשטן טאָג פון מיין זשורנאליסטישער קאריערע אין אמעריקע.

אָן אים וואָלט איך זיך געפילט ווי „פּעטער שלעמיל".

נעמען מיך דערפאר ארום אי פרייד אי אומעט, ווען איך טראכט פון זיין יובילײ.

פרייד — וואָס עס געפינען זיך מענטשן, וואָס שאצן אָפּ זיינע באמת וויכטיקע פארדינסטן אלס טוער אין אונדזערע נאציאָנאלע קרייזן. אומעט — וואָס מען יובל'ט אים שוין, וואָס ביי מיר איז עס שטענדיג א סימן פון אלט ווערן.

און אויב ע ר אזוי, האָט די צייט אויך מיך ניט דורכגעלאָזן, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס קיינער קלייבט זיך דערווייל ניט פראוועןמיין יובילײ — הלואי אויף וויטער.

* * *

דערמאָן איך זיך אין גאָלדמאן און שטיינבערג'ס דרוקעריי אין דעם שמאָלן, טונקעלן געסל, וואָס הייסט „וואַנדיוואָטער סטריט", און וואָס איז פון די געציילטע איבערבלייבעכצן פון דער אמאָליקער „אָלד ניו יאָרק".

דאָרטן האָט זיך מיט א פערטל יאָרהונדערט צוריק געדרוקט די ציוניסטישע צייטונג „דאָס אידישע פאָלק".

דאָרטן איז מאיר קאסטאָף געווען א זעצער און ער האָט עס גע־דארפט אָפּמאכן יעדן דאָנערשטיק נאכט די צייטונג.

און דאָרטן איז מיר און אב. גאָלדבערג'ן, וואָס האָט רעדאקטירט די צייטונג, אויסגעקומען פארברייננגען יעדן דאָנערשטיק א גאנצע נאכט ביז דער גרויער פרימאָרגן האָט גענומען זיך ארויסשיילן און ארייננקוקן דורך די פאר־שטויבטע פענצטער פון גאָלדמאַן און שטיינבערגס דרוקעריי.

מיר אָפּטער ווי גאָלדבערג'ן, וואָס איז געווען פארנומען מיט אנדערע ציוניסטישע טועכצן און האָט דערפאר ארויפגעלייגט דעם עול פון „גאנצן אידישן פאָלק" אויף מיינע, דענסטמאָל זייער יונגע, אקסלען.

דאָס „מאכן די צייטונג" מיט קאסטאָפ'ן האָט געמיינט ניט גלאט שטיין און ארבעטן און אָנווייזן אים וואָס פאר א זאץ ער זאָל ארייינשטעלן.

ניין, עס האָט אויך געמיינט פירן מיט אים לאנגע וכוחים פאר שעה'ן און שעה'ן אין דער צייט, וואָס ער האָט געארבעט און איך האָב אים נאָכ־געפאָלגט מיט די אויגן.

עס האָט געמיינט ריידן וועגן ארץ ישראל, ציוניזם און אלערליי שטרייטיקייטן וואָס זיינען אויך דענסטמאָל אָנגעגאנגען, אפשר נאָך מיט מער שארפקייט ווי היינט, וואָרים דענסטמאָל איז מען נאָך געוועזן יונגער. צווייטנס, איז ציוניזם און איבערהויפּט ארץ ישראל, געוועזן נאָך מער אין דער סטאדיע פון פּארטיי־דעבאטעס און האָרשפּאלטערישע טעאָריעס.

גערעדנק איך דעם יונגן, טעמפּעראמענטפולן קאסטאָפּ'ן, וואָס פלעגט אָפטמאָל זיך אָפּשטעלן, פארגעסן אין דער ארבעט, פּארגעסן, אז עס איז שוין דריי־פיער פארטאָג און אז מיר האלטן זיך ביידע קוים אויף די פיס, און נעמען מיר באָמבאַרדירן מיט זיינע ארגומענטן, מיט א שטוינענדיקער פרישקייט.

גערעדנק איך אויך, ווי דערנאָך, אז מיר זיינען שוין פארטיק געוואָרן מיט דער ארבעט, האָבן מיר זיך ערשט אוועקגעלאָזן צו „טשאילדס" אויף דער בויערי, באשטעלט א פּאָרציע ווייצענע לאטקעס מיט קאווע און גענומען זיך ערשט אויפסנייי וויקלען דעם פּאָדעם פון וכוח.

און אָט אזוי פאר א פּאָר יאָר יעדן דאָנערשטיק נאכט, דאָרטן אויף דעם אלטן, שמאָלן, ווי פארגעסענעם געסל, וואָס הייסט „וועגדיוואָטער סטריט".

שפּעטער טרעפן מיר זיך אין דער „ווארהייט".

אונזערע וכוחים האלטן ווייטער אָן, ווי זייער פּאָדעם וואָלט גאָר קיינמאָל ניט איבערגעריסן געוואָרן.

דערנאָך אין אנדערע צייטונגען.

און איצט אין „טאָג", וואו מיר ארבעטן ביידע.

גאנצע וועלטן זיינען פאר דער צייט אונטערגעגאנגען: מלחמות, רעוואָלוציעס, און וואָס ניט.

מיינע וכוחים מיט מאיר קאסטאָף האָבן זיך אָבער נאָך ניט געענדיקט.

ער כאַפּט מיך נאָך אַלץ אָן אויף איסט בראָדוויי, אויפן גאַס און אין רעדאקציע פון „טאָג", שטעלט מיך אָפּ פלוצים און זעצט פּאָר דעם שמועס, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן מיט פינף און צוואנציק יאָר צוריק ביי גאָלדמאן און שטיינבערגן אין דער דרוקעריי.

מיר באנוצן זיך היינט אפשר מיט אן אנדער טערמינאָלאָגיע, געברויכן אנדערע ווערטער.

די עיקרים, ארום וועלכע דער וכוח האָט זיך געדרייט, זיינען אָבער פארבליבן די זעלביקע ווי געוועזן.

זיי זיינען אלץ: ארץ ישראל און ציוניזם.

און אויך קאסטאָף האָט זיך ניט געביטן. דאָס, וואָס דער קאָפּ איז געוואָרן גרויער, מאכט ניט אויס, דער ענטוזיאזם איז ביי אים דער זעלביקער ווי מיט פינף און צוואנציק יאָר צוריק. דער ענטוזיאזם פון איינעם, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן צו פרעזערווירן אין זיך יונג און פריש זיין אידעאַליזם פון אמאָל.

דארף איך אים ניט ווינטשן צו זיין יובילייי, אז ער זאָל אזוי פארבלייבן. איך ווייס, אז עס וועט אזוי געשען.

קאסטאָפּ'ס פארכאפנדיקער ענטוזיאזם און לויטערער אידעאַליזם וועלן ניט געמינערט ווערן.

אזוי דורך דעם גאנצן גאנג פון זיין לעבן.

פּופּציק

ב. י. גאָלדשטיין

# פון מאָנטרעאָל אָן...

(א קליין ביסעלע זכרונות)

איך האָב פיינט געבורטסטעג. אויך וויפיל איך געדענק, האָב איך אין מיין לעבן קיין געבורטסטעג ניט געפראַוועט, סיידן איך זאָל רעכענען די שמיצלעך וואָס טאַטע־מאַמע פלעגן מיר איינטיילן קליינערהייט, און מיין בר־מצוה וואָס מען האָט געפראַוועט אויף א ברייטן פאַרנעם. אָבער אויף די צוויי־ערליי ימים טובים האָב איך קיין דעה ניט געהאט און מיינע עלטערן האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט, ניט אָנפרעגנדיק זיך ביי מיר.

זינט דעמאָלט האָב איך ניט געפראַוועט קיין געבורטסטעג, ניט אין דער היים זוַן אוודאי ניט אין דער עפנטלעכקייט. מען האָט מיך, הייסט עס, קיינמאָל ניט „געפייערט", ניט „באַערט".

פליען זיך טעג און קריכן אוועק די יאָרן און — גאָר נישט. ניט איך זיי און ניט זיי מיר זענען עפּעס שולדיק. איך צערעכן זיך ניט מיט זיי און זיי ניט מיט מיר. זאָל עס גיין ווי ס'גייט זיך.

פרעגט מיך בחרם וויפיל יאָרן האָב איך שוין צע'פּטר'ט, וויפיל חדשים שוין אומגעבראַכט און וויפיל וואָכן שוין פאַרטאַכלעוועט.

פלוצים קומט אונטער מאיר קאַסטאָף און דערמאָנט מיך: „וויפיל איז שוין אַז מיר קענען זיך?" איך גיב אַ צי מיטן אַקסל: „ווער קען געדענקען?"

אָבער אין קאָפּ גיבן א טאַנץ־אויף פאַרגעסענע בילדלעך, אָפּגעווישטע סצענקעס און דינע געשטאַלטן, ווי אין רויך ארומגעוויקלטע: אין מאָנטרעאָל.

א קליין שטיבל, די סטעליע אויפן קאָפּ; ריינע, ציכטיקע צימערלעך וואָס האָבן יעדן טאָג דערמאָנט אין שבת. אין שטיבל דרייט זיך א יונגע מאַמע, העצקעט זיך מיט דער קלייניקער, שטענדיק־שרייענדיקער בת יחידה, און היט זיך שוין ניט אָנצושטריינגען זיך צו־שטאַרק, ווייל זי שווענגערט שוין מיט א צווייט קינד —

עני קאַסטאָף — אַ יונג, קליין ווייבל, מיט א שאַרף־ליטווישן אַקצענט און מיט א קלוגן קאָפּ אויף די אַקסל.

זי איילט זיך מיטן מאָלצייט. אָט באַלד דאַרף אָנקומען דער יונגער באַלע־באָס — מאיר קאַסטאָף.

מיר מיט מאירן זענען אין איין רעדאַקציע, אין „קאנאדער אָדלער". אַלצדינג קענען מיר שוין איבערקאָכן און פאַרדייען, נאָר אז עס קומט צום נאָמען פון דער צייטונג, בלייבן מיר ביידע מיט אויפגעריסענע מיילער: — א מענטש גיט עס אַ נאָמען: „קאַנאַדער אָדלער". ווי קומט אַן אָדלער קיין קאַנאַדע? אַן אָדלער וואָלט זיך געפּאַסט פאַר רוסלאַנד. אַמעריקע האָט אויך אַן אָדלער, אָבער קאַנאַדע?

מאיר קאַסטאָף דערציילט מיר אז ער האָט מיין „קאָפּיע" נאָך געזעצט אין „פריינד" וואו מען האָט מיין „קאָפּיע" צעכאַפּט. וואָרים מיין רבי האָט מיר די פינגער שיר ניט אויסגעלונקען ביז איך האָב זיך ענדלעך אויסגעלערנט צו שרייבן מיט א שיינעם „פּאָטשעריק" (כתב יד).

אין מאָנטרעאָל, די שטאָט פון זשאַווער און פראַנצויזישער פּראָסטיטוציע, פילט מען זיך ווי אין א טורמע, ווען מען קומט אַהין פון ניו־יאָרק. די שטיבלעך שטיקן און די פאַרשימלטע און צעריסענע גאַסן וואַרפן אָן אַן אַלטקייט אויפן אינגסטן מענטשן. זיצן מיר אין די שבת'דיקע צימערן און מישן־אויף האַלב־פאַרגעסענע בלעטער פון דער היים, פונם ערשט־פאַרגאַנגענעם עבר.

מאיר און עני קאַסטאָף און איך — דער פּאָדאָליער.

הער איך: מאיר איז אויך געזעסן אין טורמע, מאיר האָט געהאַט אַ ווילדע ליידנשאַפט צו זעצן אומלעגאַלע ליטעראַטור, מאיר האָט אויפגעגעבן גוטע שטעלעס אַבי צו דינען די פאַרבאָטענע פארטייען אין רוסלאַנד.

עני — א טיכטיקע סיימאָוועצ, א וואַרפנדיקע און א דראָטיקע, צעוויקלט איר טעטיקייט, איר פרישע פאַרגאַנגענהייט, פון וועלכער עס שלאָגט מיט יונגער אַמביציע און עקשנות'דיקער יוגנט.

איצט, אין דער היים, העצקעט ער זיך מיט דער קליינער פּאָולין, וואָס האָט פיינט צו שווייגן און לאָזט יענעם א וואָרט ניט רעדן. זי שרייט, די קליינע פּאָולין, רייסט זיך אויף אַלע כלים און אַז זי ווערט מיד שרייען, הויבט זי אָן צו קוויטשען. איר קוויטשיקל לעכערט די אויערן, אָבער דער שמועס ווערט ניט אָפּגעהאַקט.

וויפיל איז שוין אין דעם ?

ווער קען עס ציילן די טעג און ווער האָט א חשק צו געדענקען די יאָרן ? ! גענוג צו וויסן, אז פּאָולין האָט שוין אצינד אליין אן עסק מיט א שרייערל.

מאיר און עני קאַסטאָף !

אין א שיינעם וויסטן פרימאָרגן האָבן מיר זיך אָפּגעזעגנט, איך בין געפאָרן טיפער אין קאַנאַדאַ און זיי זענען געבליבן אין מאָנטרעאָל.

און די יאָרן האָבן געשניטן זייער וועג און איבערגעלאָזט טיפע סימנים; סיבות האָבן מיר דערנאָך פאַרשלעפּט צוריק אין די פאראייניקטע שטאַטן און צוריק קיין ניו־יאָרק.

אין דער רעדאקציע פון „טאָג" האָבן מיר זיך ווידער באַגעגנט. איך בין געקומען צו זיי אהיים, ערגיץ אויף דער איסט סייד, ניט ווייט פון „טאָג" און —

גאָט דו ליבער, די מענטשן האָבן זיך ניט געענדערט!

אינם משך פון די יאָרן בין איך שוין אינגאנצן גרוי געוואָרן, האָב שוין געכאַפּט און געגעבן קלעפּ רעכטס און לינקס, בין שוין געווען אויפן פערדל און ארונטערגעפאלן און זיך ווידער ארויפגעכאפּט; די וועלט האָט זיך ערשט געהאט אויסגע'טובל'ט אין בלוט און זיך אויסגע'חזיר'ט פון קאָפּ ביז די פיס. און דאָ— אַזאַ געמיטלעכע רואיקייט, אַ שבת'דיקייט. ניט מער וואָס מאיר קאַסטאָף איז איצט מער פאַרנומען: וויפיל האָר אויפן קאָפּ אזויפיל מיטינגען, דאָ איז ער א סעקרעטאר, דאָרטן א גרינדער, אין דער זייט אן ארבעטער און דער צווייטער אַ דערפינדער. דער קאָפּ גייט אים כאָדאָראָם. אַך, ווען ער וואָלט געהאַט כאָטש נאָך צוויי הענט, נאָך איין קאָפּ און דריי פּאָר פיס.

אָבער אין די עטלעכע מינוט וואָס ער איז מיט עני'ן ביים טיש, איז ער די רואיקייט אליין. זאָלן צעריסן ווערן די שיפן אויף די ימים, זאָלן די הימלען פלאַצן פון האַרמאַטן־קראַך, זאָל א וועלט אונטערגיין — ער האָט איצט נייע אַרבעט, נייע האָפנונג, און אַ סך נייע פלענער וואָס ער האָט אָנגעהויבן און מוז דערענדיקן. ער איז געבליבן דערזעלביקער טעטיקער חבר און דערזעלביקער עקשנות'דיקער פארטיי־מענטש.

און איך קען גיין שווערן, אז ווען ער וועט פראַוועון זיין הונדערט יאָריקן געבורטסטאָג, וועט ער אויך זיין פונקט אַזאַ טרוד'ער מענטש, פאַרנומענער חבר און רואיקער שטוב־באַלעבאָס.

זכריה שוסטער

# דער זעצער — דער ערשטער לייענער

פון שרייבער גייט דער מאַנוסקריפּט צום זעצער. ער איז דער ערשטער וואָס וועגט און מעסט יעדן אות נאָכדעם ווי ער איז אַרויס פון שרייבער׳ס אינטימען רשות היחיד. ער גיסט איבער, באַדאַכט און פּאַמעלעך, די פּערזענלעכע האַנט־שריפט אין פעסטע, בלייערנע שורות. יעדעס וואָרט „קאָכט“ אונטער זיינע הענט.

דער זעצער איז דער ערשטער קריטיקער. ביים שרייבער זיינען אפשר די ווערטער געלאָפן ווי אַ רוישיגער וואַסערפאַל, טראָפּן איבער טראָפּן, כוואַליע אין כוואַליע, ער האָט זיך געיאָגט צום ציל, און אויפן וועג מיטגעשלעפּט שטיינער און שפּענדלעך. דער זעצער צענעמט זיי טראָפּנווייז: אלף, בית, גימל... ער קאָן אַמאָל גיכער באַמערקן אַ שטיינדל, אַ שפּענדל...

איר קאָנט אָפט דערקענען דעם זעצער׳ס קריטיק פון דער מינע אויף זיין פּנים. אָט צעלייגט זיך אויף זיין פּנים אַ טיפער ערנסט, די אויגן ווערן איינגעזונקען אין מאַנוסקריפּט, ער גייט נאָך דעם שרייבער — אַ סימן, אַז ער איז פון אים געפאַנגען. אָט באַוועגט ער די פינגער מעכאַניש, ער גלייכט אויס דעם רוקן, די אויגן בלישטשען מיט אַ קאַלטן שמייכל — „ניין, ס׳טויג ניט“. אָט שטעלט ער זיך אָפּ, גיט אַ קנייטש דעם שטערן, קוקט נאָך אַמאָל אין מאַנו־סקריפּט: — „לאָמיר נאָר זען, וואָס דער שרייבער מיינט“.

דער זעצער־מבין איז דער ערשטער לייענער און אָפט דער בעסטער קרי־טיקער. דער שרייבער וואָס גלויבט ווייניק אין זיך אָדער האָט זיך מיאש געווען פון עולם, מעג וויסן, אַז ס׳איז דאָ איין מענטש וואָס האָט געלייענט זיינע ווערטער און זיי אָפּגעשאַצט.

אַמאָל איז כדאי צו ריידען צו איין מענטשן.

פאַר אידישע שרייבער איז דאָ נאָך אַן ענין. דער אידישער זעצער איז מיט אים ענגער פאַרבונדן, כמעט איין גורל און איין וואָרצל: ניט איין אי־דישער זעצער שרייבט, אָדער האַלט, אַז ער דאַרף שרייבן. און ניט איין אידישער שרייבער האָט אַליין אויסגעזעצט זיין האַנטשריפט.

מאיר קאַסטאָף געהערט צו דעם סאָרט זעצער. ער האַלט זיך פאַר אַ מיטשאַפער מיטן שרייבער און אַזוי לעבט ער אפשר אויס זיין אייגענעם שרייבערשען חשק. ער קאָן זיך פאַרגינען אַמאָל אַ זאָג צו טאָן צו אַ שרייבער: „איך האָב אייך אַביסעל אויסגעבעסערט“. ס׳האַנדלט זיך אפשר וועגן אַ קאָמאַ, אַ פונקט און אפשר טאַקע וועגן אַ פּאָר וויכטיגע צוגעגעבענע ווערטער, אָבער ער פילט, אַז ער איז אַ בייטראָגער...

קאַסטאָף האָט אַ באַציאונג צום וואָרט, צום מאַנוסקריפּט, ווייל זיינע אייגענע געדאַנקען גייען אין דער ריכטונג פון אידישן שרייבער, ווייל ער איז אַ לעבעדיקער שותף אין דער אידישער קולטור־ספערע.

אַ וואַרעמע באַגריסונג צו זיין יובילייַ און דורך אים צו אַלע וואָס זעצן די „קליינע אותיות׳לעך“, פון ירושלים ביז בירא בידזשאַן, פון ניו יאָרק ביז ווילנע...

א. אלמי

# דער אומבאַקאַנטער סאָלדאַט...

מיר זענען געוואוינט צו פייערן די יובילייס פון שרייבער, כלל־טוער, פּאָליטיקער און קריטיקער.

מאיר קאַסטאָף טראָגט נישט אויף זיך קיין באַשטימטע חתימה, כאָטש ער האָט געשריבן אַרטיקלען און איז אַ כלל־טוער זיין גאַנצן לעבן.

אָבער קאַסטאָף איז דערביי אַלע יאָרן געווען אַ זעצער, געזעצט אַרטיקלען, עסייען, לידער, אָפּהאַנדלונגען פון גוטע שרייבער און שלעכטע שרייבער, פון אַזעלכע, וואָס האָבן וואָס צו זאָגן דער וועלט און פון אַזעלכע, וואָס האָבן גאָר־נישט וואָס צו זאָגן, פונדעסטוועגן שרייבן זיי.

וואָלט קאַסטאָף זיך אָנגעזעצט אויפן אידישן פאָלק, אַוועקגעוואָרפן זיין זעצערישע ארבעט און זיך אָפּגעגעבן אויסשליסלעך צו שרייבעריי, אָדער צו כלל־טועריי, אָדער צוביידע זאַכן — דאַמאָלט וואָלט אַ יובילייַ פאַר אים געווען זעלבסטפאַרשטענדלעך.

נאָר קאַסטאָף האָט זיך געטאָן און טוט זיך ווייטער זיין שווערע מלאכה און בעת ער שמירט די רעדער — דאַוונט ער... ער דאַוונט אָפּ אַ שטיק כלל־אַרבעט, פרום און ערנסט; גיט אַוועק זיין פרייע צייט אויף מיטינגען, אויף העלפן זאַמלען געלט, אָדער שלעפּן אידן ביי די פאָלעס פאַר א דבר־מצוה, צי דאָס איז אַ היימישער ענין, אָדער ארץ־ישראל.

איז פאַר אַזעלכע, ווי קאַסטאָף, מאַכט מען נישט קיין יובילייס, קיין באַנקעטן — און דערפאַר אַליין פאַרדינט ער אַ יובילייַ מיט אַ באַנקעט מיט אַ סואווענירבוך.

זאָל עס זיין אַ דענקמאָל פאַר דעם אומבאַקאַנטן סאָלדאַט; זאָל עס אַרויס־הויבן איבער די קעפּ אַ טוער, וואָס האָט זיין טועריי נישט געמאַכט פאַר קיין פּראָפעסיע; אַ שרייבער, וואָס האָט זיין שרייבעריי נישט געמאַכט פאַר קיין קאַריערע.

קאַסטאָף זעצט יאָרן לאַנג — און ער האָט נאָך קיינמאָל און קיינעם נישט

אַנגעזעצט, נישט זיך אַליין און נישט דעם אידישן פאָלק. ער איז כסדר געטריי זיינע אידעאַלן.

ער זעצט און זעצט. בייטאָג זעצט ער בלייענע אותיות. אין די אָוונטן — און ווען נאָר ער האָט א פרייע מינוט — זעצט ער אין קעפּ אריין דעם פשוטן געדאַנק, אַז מידאַרף עפּעס טון פאַר ארץ ישראל, פאַר ציוניזם, איבערהויפּט פאַרן פועלי־ציוניזם.

אויב אַ מענטש, וואָס דערהויבט זיך איבער אַלע אַנדערע מענטשן פון זיין דור, איז אן איבער־מענטש, איז קאַסטאָף נישט סתם קיין זעצער, נאָר אַן — איבער־זעצער.

וואָרים צווישן אַלע אידישע זעצערס וואָס איך קאָן, איז ער דער טע־טיקסטער, דער אַקטיוויסטער.

נאָך עפּעס: זעצערס, וואָס האָבן אַ גאַנץ לעבן צו טאָן מיט שרייבערס און מאַנוסקריפּטן, האָבן, געוויינטלעך, נישט קיין גרויס דרך־ארץ פאַרן מחבר. קאַסטאָף איז אויך אין דעם פּרט אַן אויסנאַם: ער האָט דעם גרעסטן דרך־ארץ פאַרן שריפטשטעלער, ווי פאַרן געדרוקטן וואָרט.

און ער האָט דרך־ארץ פאַרן אידישן לעבן, פאַר אידישע אידעאַלן און אידישער טראַדיציע.

און דערפאַר איז ער ווערט א יובילײ. וואָרים יובילייס דאַרף מען פראַווען פאַר די ווייניקע — און ער געהערט צו די ווייניקע.

וואָס עס איז שייך מיר, דאַרף איך אים פראַווען א באַזונדערן, פּריוואַטן יובילײ: ס׳איז צוואַנציק יאָר ווי איך האָב געוואוינט ביי אים—אין בראָנזוויל, אויף בלעיק עווענױ, אין מיינע „גרינע יאָרן“.

איך בין ביי אים נישט געווען קיין „באָרדער“, נאָר אַ שרייבער! און קאַסטאָף האָט אַלעמאָל ליב געהאַט, אַז עס זאָל זיך אַרומדרייען אַ שרייבער ביי אים אין הויז. זיין היים איז אַלעמאָל געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר שריפטשטע־לער און תלמידי־חכמים.

זיין הויז האָט אין מיר איבערגעלאָזט אנגענעמע, ליבע דעראינערונגען.

און ס׳איז פאַר מיר גאָר איבעריק אים צו געבן ווינשוואַניעס צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג, וואָרים ער ווייסט וואויל, אז איך ווינטש אים, זיין פרוי און זיינע קינדער (וועלכע איך האָב געקענט אלס קליינינקע קינדער) דאָס בעסטע.

י. אַדלער

# אַ וואַרעמער מענטש

איך זאָג: אויב אַ איד, אַ גוטער ברודער, אַ טוער, אַ וואַרעמער מענטש, האָט געהאַט דעם כוח, דעם קוראַזש, אַלט צו ווערען אַ האַלבן יאָרהונדערט אין אַזאַ צייט — איז ער אַ גרויסער מענטש, אַ גרויסער איד, אַ האַרציקער יאַט.

ער פאַרדינט נישט נאָר עטלעכע וואַרעמע אויפריכטיקע ווערטער, נאָר אַ שיינעם באַנקעט מיט גוטע מאכלים, מיט פרישע בלומען, מיט טייערע מתנות — נאָר אָן רעדנער! ...

איך באַגריס מיין ליבן טרייען פריינט און חבר מאיר קאַסטאָף צו זיין 50 יאָריקן יובילייִ און איך בעט גאָט, אַז איך זאָל אים קענען באַגריסן אין 25 יאָר אַרום צו זיין 75טן געבורטסטאָג און ער זאָל וויי־טער אַרבעטן מיט אַזאַ טריישאַפט און איבערגעגעבנקייט פאַר דער אידעע וואָס איז אונז אַלעמען אַזוי טייער און הייליק.

איך האָב צייט צו וואַרטן; עס ברענט נישט; וואָס פאַר אַ באַ־טייט האָט עס, אומשטיינס געזאָגט, 25 יאָר.

מיט אויפריכטיקן גרוס און חבר׳שאַפט

אייער י. אַדלער

י. חייקין

# וואָס אונזער יובילאַר האָט פאַרפעלט

צום יובילײ פון אונדזער גוטן פריינט און חבר מאיר קאסטאָף קום איך מיט א מאָדנער באַגריסונג. ווי איין פופציקער וועגן א צווייטן, ערלויב איך זיך אביסל וואָכעדיקע רייד, וואָס ווען, האָף איך, פון קיינעם ניט באטראכט ווערן ווי א פחיתות־הכבוד, נאָר אמתע פריינטשאפט קאָן באַרעכטיקן; ביי אַזאַ געלעגנהייט, צו ריידן וועגן דעם פאַרפעלטן, אנשטאָט דערגרייכונגען. מיט דער דאָזיקער פריווילעגיע באַנוץ איך זיך יעצט.

אין אונדזער אידישער נאַציאָנאַל ־ ראַדיקאַלער ארבעטער ־ וועלט האָט קאַסטאָף גרויסע פאַרדינסטן, פאַר וועלכע ער ווערט געהעריק אָפּגעשאַצט. ביי זיין איצטיקן יום טוב וועט ער געוויס קריגן די פאַרדינטע מאָס לויב און אנערקענונג. עס וועלן זיכער ניט פעלן די פאַסיקע כבודים ביי דער געלעגנהייט. איך אָבער האָב זיך פילע יאָרן צוגעקוקט צו דער טעטיקייט פון אונדזער יובילאַר, ניט ווי אַ פּאַרטיי־חבר. טאָ זאָל מיר יא ערלויבט ווערן אָנצואווייזן, וואָס אַזאַ קוועקזילבערדיקער מענטש האָט פאַרפעלט צו דערגרייכן, פאַר זיך און פאַר אונדזערע אמעריקאַנער אידן.

מיר אַלע, דער יובילאַר און זיינע מערסטע פריינט, האָבן א היבשע שייכות צו דער אידישער פרעסע אין אמעריקע, וואָס איז אייגנטלעך — סיי מיט אירע מעלות, סיי מיט אירע חסרונות — דער הויפּט רעזערוואואַר פון דער אימיגראַנטיש־אידישער ליטעראַטור און קולטור. מיר ווייסן אויך, אַז די מערסטע פעלערן פון דער אמעריקאַנער אידישער פרעסע שטאַמען דערפון, וואָס די אַרויסגעבער, די אמתע באַלעבאַטים פון היגע אידישע צייטונגען און צייטשריפטן, זיינען פאַרטייען, אָדער פשוטע סוחרים, וואָס האָבן א קנאַפּן באגריף וועגן די אויפגאבן פון דער פרעסע אין אלגעמיין. און וועגן דער ספּעציעלער מיסיע פון דער אידיש־אמעריקאנישער פרעסע, וואָס באַדינט מיליאָנען מענטשן, איבערגעפלאַנצטע פון איין קאָנטינענט אויף א צווייטן.

די טבע פון אַ פאַרטיי־פרעסע איז צו ווערן קליינלדיק. פאַרטיי־פובליציסטן מעגן זיין אויסגעצייכנטע שרייבער, אָבער זייער אינטערעסן־קרייז איז תמיד צו שמאָל צו באַפרידיקן די פאָלקס־מאסן. האָט איין מאָל פאַסירט, אַז אַ סאָציאַליסטישער זשורנאַליסט האָט זיך באַוויזן אין אַמעריקע, מיט אַ פאַרשטענדעניש פאַר אַלץ וואָס אינטערעסירט דעם המון. איז ער אַוועק צום צווייטן עקסטרעם... און אידעאָלאָגיש האָט דער דאָזיקער מענטש געהאַט די כשר׳סטע באַרעכטיקונג: וויל דאָך דער סאָציאַליזם צוציען די נידעריקסטע שיכטן, טאָ פאַרוואָס זאָל אַ סאָציאַליסטישע צייטונג זיך פאַרנעמען מיט אַזעלכע „בורזשואַזע נאַרעשקייטן”, ווי שפּראַך ־ שיינקייט, זשורנאַליסטישע עטיק?

אַ גוטן מוסטער פון אַ געזונטער וועלטלעך ־ אידישער פרעסע אין אַמעריקע האָט אויך ניט געקאָנט ליפערן דער געוועזענער שונד ־ ראָמאַן ־ העפטן פאַרקויי־

פער, וואָס האָט זיך דערטראַכט צום פּלאַן פון געבן זיינע קונדן העפטן געדרוקט אין צייטונגס־פאָרמאַט, מיט אַ פּרעמיע — אַביסל ניים און אַ לעק וועלטלעכע אינפאָרמאַציע; און געוויס ניט דער אימיגראַנטיש־אידישער סוחר, וואָס האָט זיך צופעליק גענומען צו צייטונגס־אַרויסגעבעריי...

ביי אונדז איז גילטיק די איינרעדעניש, אז מיר זיינען גוטע נאָכמאַכערס. דעם אַלטן כלל: „ווי עס קריסטלט זיך אַזוי אידלט זיך" — האָט מען אין געוויסע היגע אינטעליגענטיש אידישע קרייזן אזוי אָנגעווענדעט, אז אַלץ, וואָס די אַלט־געזעסענע אמעריקאַנער טוען, מאַכן אונדזערע אידן נאָך. וויל איך דאָ ניט אַריינלאָזן זיך אין וויטע דרכים און דערווייזן, אַז די דאָזיקע איינרעדעניש איז, ביז צו אַ גאָר גרויסן גראד, א פאַלשע. דאָ וויל איך נאָר מאכן די באהויפּטונג, אז וויניקסטנס אויפן צייטונגס־געביט, האָבן מיר זיך אַרויסגעוויזן ווי שלעכטע נאָכקרימערס, און ווייט ניט־פייאיקע נאָכמאַכערס. אונדזער היגע „ערזאַץ־פרעסע" איז אין פילע פּרטים, ווייניקער ענלעך אויף דער אמעריקאנער פרעסע, ווי די טרויעריק־באַרימטע דייטשע „ערזאַץ" אַרטיקלען זיינען געראָטן אין די גוטע פּראָדוקטן, וואָס זיי דאַרפן פאַרטרעטן.

א בליק אויף דער געשיכטע פון דער אמעריקאַנער פרעסע, וואָס איז נאָך אַזוי פארהעלטניסמעסיק יונג, וועט אונדז באלד ווייזן פארוואָס מיר האָבן זיך אַזוי וויניק אויסגעלערנט פון אמעריקאַנער צייטונגס־וועזן. אגב, וועט דאָס אונדז אויך ברענגען צום הויפּט ענין — צו אונדזער יובילאַר, מאיר קאַסטאָף.

אין אייראָפּע האָבן צייטונגען אָנגעהויבן שאפן רעגירונגען און די געלערנטע אינטעליגענץ. אין דער פרייער צפון־אמעריקע זיינען די שאַפער פון דער פרעסע געווען די דרוקערס. אַלע ערשטע צייטונגען דאָ, אָן אויסנאַם, און די גרעסטע צייטונגען פון לאַנד אויך איצט, זיינען געגרינדעט געוואָרן פון דרוקערס, וואָס האָבן זיך אין זייער אייגן געשאַפענער פּעריאָדישער פרעסע אנטוויקעלט צו א באַדייטנד־הויכער שטופע, אלס פובליציסטן און שריפטשטעלער.

פון דעם וועטעראן בענדזשאַמין פרענקלין, מיט זיין עלטערן ברודער, וואָס האָבן געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער פרעסע און די צוויי קולטור־און רעגירונגס־צענטרן פון זייערע צייטן — באָסטאָן און פילאַדעלפיע — ביז דעם אַמביציעזן שריפטזעצער אַדאָלף אָקס, וואָס האָט פאַנאַנדערגעשפרייט זיינע יונגע פליגלען אין דער דרומדיקער פראָווינץ־שטאָט נעשוויל, טענ., און האָט פארענדיקט זיין קאַריערע מיט ראַטעווען אַן אונטערגייענדיקע צייטונג פון ניו יאָרקער סוחרישע הענט, און פארוואַנדלען די „טיימס" אין דער גרעסטער וועלט־צייטונג — האָבן דאָ געגרינדעט און אָנגעפירט די גרעסטע צייטונגען — שריפטזעצער. אמת, אַ צייט לאַנג האָט די היגע פרעסע טאקע דערפאַר געטראָגן דעם כאראקטער פון באַלמעלאָכישע פּראָדוקטן. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פּראָווינציאַליזם און מיט דער באגרענעצטקייט פון אוטאָדידאָקטן. אין אלגעמיין גענומען האָבן זיי אָבער באַוויזן, אז דאָס געדרוקטע וואָרט איז גליקלעכער אין די הענט פון מענטשן, וואָס האָבן אַן אינערלעכן בונד מיטן דרוק־וועזן, ווי אין די הענט פון פּאָליטיקער און אפילו אַקאַדעמיקער. אין קיין לאַנד פון דער וועלט האָט די פרעסע ניט דערגרייכט אזא מאַטעריעלן און קולטורעלן דערפאָלג, ווי

גראד אין אונדזער מדינה, וואו דער פונדאַמענט פון צייטונגס־וועזן איז געלייגט געוואָרן פון די נאַטירלעכסטע בויער — די דרוק־מענטשן.

אַרבעטנדיק אַרום צייטונגען באַלד דרייסיק יאָר, האָב איך געהאַט גענוג געלעגנהייט צוצוקוקן זיך צו אַ באַדייטנדיקן טייל פון די ניו יאָרקער אידישע שריפטזעצער. איך ווייס אויך פון אַ צאָל שריפטזעצער פון פריערדיקע יאָרן. פאַרטראַכטנדיק זיך אָפט וועגן דעם וויסטן גורל פון דער היגער אידישער פּרעסע פלעג איך זיך אָפט פרעגן: „פאַרוואָס די ווערניקס, פרומקינס, שיינפעלדס, גאָטעסמאַנס, דראָשערס און צענדליקער יונגערע אינטעליגענטע שריפטזעצערס, וועמענס נעמען איך קען דאָ ניט אויסרעכענען, ווייל דער אַרטיקל וואָלט אויסגעזען ווי אַ „ראָל-קאָל״ פון זייער יוניאָן, האָבן זיך ניט גענומען צו צייטונגס־אַרויסגעבעריי אין יענע צייטן, ווען עס האָבן זיך ניט געפאָדערט קיין גרויסע קאַפּיטאַלן פאַר אַזעלכע אונטערנעמונגען. אין די מערסטע פאַלן האָב איך זיך געמוזט אַליין ענטפערן, אַז צוליב דער אָדער אַן אַנדער סיבה האָט זיי געפעלט די נויטיקע אונטערנעמונגס־לוסט.

זיינען טאַקע פילע שריפטזעצערס געוואָרן באַרימט אַלס שרייבער אין אונדזער פּרעסע. אַ צאָל אַנדערע ראַטעוועז טאָג־טעגלעך אונדזער פּרעסע פון גענוג עם־הארצות, דורך זייער אַרבעט ביי די זעץ־מאַשינעס און ביי די דרוק־קאַסטנס. אָבער די גרעסטע הילף וואָס זיי האָבן געקענט געבן די צייטונגען — אַלס זייערע פאַסיקסטע באַלעבאַטים — פעלט אונדז.

און פון אַלע יונגערע אידישע שריפטזעצע־ס אין אַמעריקע, דוכט זיך מיר, איז קאַסטאָף געוועזן איינער פון די פאַסיקסטע מענטשן אויפצוטאָן פאַר דער אידישער פּרעסע דאָס, וואָס, למשל, אדאָלף אָקס האָט אויפגעטאָן פאַר דער אַמעריקאַנער פּרעסע. ער האָט געהאַט גענוג אינטעליגענץ פאַר דער דאָזיקער אויפגאַבע; גענוג אונטערנעמונגס־לוסט און פּראַקטישע געשעפטספייאיקייטן. זיין איבערגעבנקייט צו אַלץ וואָס איז אידיש, זיין פאַרשטענדעניש פאַר קולטור־ענינים, זיינע פאָלקסטימלעך־פריינטשאַפטלעכע נייגונגען, וואָס געווינען תמיד דעם גוטן ווילן פון מענטשן, זיינען פשוט אַן אוצר פאַר אַ מענטשן, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אַזאַ געשעפט, ווי צייטונגס־אַרויסגעבעריי.

איז דעריבער אַ גרויסער פאַרלוסט, סיי פאַר אים, סיי פאַרן היגן אידישן צייטונגס־וועזן, וואָס מאיר קאַסטאָף האָט מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק זיך ניט גענומען דאָ צו צייטונגס־אַרויסגעבעריי. ערשט אויף דעם דאָזיקן געביט וואָלט ער געקענט אַרויסווייזן אַלע זיינע זעלטענע איינגשאַפטן. ער וואָלט געקענט פיל בייטראָגן צו הויבן דעם אָנזען פון דער היגער אידישער פּרעסע און וואָלט פיל דערגרייכט פאַר זיך און פאַר דעם אידישן לעזער, וואָס ער וואָלט אויף זיין שטייגער באַדינט.

טאָ זייט מיר מוחל, וואָס איך קום מיט אַ פּאָר אומעטיקע ווערטער צו דער איצטיקער שמחה. מיר דוכט זיך, אַז פיל מער ווי קאַסטאָף האָט דערגרייכט, האָט ער פאַרפעלט דערמיט, וואָס ער האָט זיך ניט גענומען צו אַ מיסיע, צו וועלכער ער איז געווען ווי געבאָרן. וואָלט ער אָט דעם פעלער ניט געמאַכט, וואָלט זיין פופציקסטער געבורטסטאָג געווען ניט בלויז אַ יום טוב פון פריינט און פון אַ געוויסן פאַרטיי־קרייז — נאָר אַ יום טוב פון אידישן וואָרט אין אַמעריקע.

נ. ב. לינדער

# מאיר קאַסטאָף – דער זעלטענער מאמין

אַלט ווערן פופציק יאָר איז אַ קנאַפּע בריה'שקייט אפילו אין אַזאַ תהום ווי ניו יאָרק, וואו דאָס לעבן פון אַ מענטש הענגט אויף אַ האָר יעדעס מאָל, וואָס ער דאַרף אַריבערגיין אַ גאַס. אָבער אַלט ווערן פופציק יאָר און ניט האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן און בטחון אין די אידעאַלן, וואָס מ'האָט אין זיי געגלויבט ווען מ'איז אַלט געווען אַכצן יאָר — דאָס איז אַ זעלטנקייט און פאַרדינט אַ לויב.

נאָך אַ גרעסערע זעלטנקייט איז אַזאַ בטחון ביי אַ מענטשן פון דער צייטונג־וועלט, און מאיר קאסטאָף איז, כידוע, אַ מענטש, וואָס איז ענג פאַרבונדן מיט דער אידישער צייטונג־וועלט — פיל ענגער ווי בלויז דורך זיין אַרבעט אַלס שריפטזעצער. וואָרים קאַסטאָף איז, דאַרפט איר וויסן, אַ חוץ שריפטזעצער, אויך אַן אַקטיווער פאַרטיי־עסקן און, ניט זעלטן, אפילו אויך אַ וואָרט־זאָגער מיט דער פען.

און אפילו ווען קאַסטאָף וואָלט געווען בלויז אַ שריפטזעצער און ניט מער, וואָלט דאָס חידוש געווען ניט קלענער, וואָס ער איז היינט, ביי די חמשים, פונקט אַזוי פאַרגלויבט און פאַרליבט אין מענטשן און אין זייערע העכערע אידעאַלן און שטרעבונגען, ווי ער איז דאָס געווען צו זיבעצן אָדער אַכצן יאָר. ביי ניט איין רעוואָלוציאָנער און אידעאַליסט האָט אפילו אָט די איינע פאַרבינדונג מיט דער צייטונג־וועלט — די פאַרבינדונג דורך דער לינאָטאַיפ־מאַשין — שטאַרק אָפּגעקילט דאָס פייער פון אַמאָליקן גלויבן און אַמאָליקן בטחון. וואָרים, פונקט ווי ביי צייטונג־שרייבער, ווערט דאָך אויך ביים שריפטזעצער אַלצדינג צעביטן אויף שורות און קאָלומס; און, איר ווייסט דאָך, ביי דער באַלעבאָסטע, וואָס איז אַליין זיך מתעסק מיט צוגרייטן דאָס געקעכץ, האָט דאָס מאכל קיינמאָל ניט דעם זעלביקן טעם, וואָס ביים מענטשן, וואָס קריגט עס פאַרטיק סערווירט.

היינט, אַז קאסטאָף איז דערצו נאָך, ווי געזאָגט, ניט זעלטן אויך דער צושטעלער פון מאַטעריאַל פאַר די שורות און קאָלומס אין דער צייטונג, איז דאָך אודאַי אַ וואונדער, וואָס מיט דעם אַלעמען און ביי דעם אַלעמען איז ער נאָך אַלץ דער גרויסער גלויבער, דער טיפער מאַמין אין אַ שענערער און ליכטיקערער צוקונפט פאַר אַלע מענטשן.

איז מאיר קאַסטאָף היינט, ווי אַ בן חמשים, פונקט אַזאַ טיף־גלויביקער סאָציאַליסט און בטחון־פולער ציוניסט ווי ווען ער איז אַלט געווען בלויז אַ

דריטל פון זיין איצטיקער עלטער. אַ פּראָלעטאַריער, אַ האָרעפּאַשניק, וואָס אַרבעט שווער אויפן שטיקל חיונה דורך שריפטזעצעריי, געפינט קאַסטאָף פונדעסטוועגן צייט צו עוסק׳ן זיך מיט אַלערליי פּאַרטיי־אַרבעטן און נאָך צוצוטרייבן אַנדערע צו דער אַרבעט. קומט צו אַרבעטן פאַרן פּאַלעסטינע־אַרבעטער־קאַמפּיין, פאַרן פאַרבאַנדס שולן, פאַר אַ זעצער־מאַשין קיין ארץ ישראל, פאַרקויפן שקלים, זאַמלען דאָלאַרס פאַר דעם אָדער יענעם פאָנד, וכדומה אַזוינע אַרבעטן — איז מאיר קאַסטאָף אַלעמאָל דער ערשטער אין דער פאָדערשטער ריי.

דער עיקר, אָבער, איז דער ברען ביי קאַסטאָפן בשעת ער טוט אָט די אַלע מינים אַרבעטן און זיין נחת פון האָבן אָפּגעטאָן מער ווי ער אליין האָט געגלויבט ער וועט אויפטאָן — אויף דעם איז אים באמת מקנא צו זיין. ניט איין מאָל ווען איך זע קאַסטאָפן פאַריאָגט און פאַרשמייעט מיט זיינע אומצעליקע קאמפּיינס, וואָס קאָסטן אים אַזויפיל צייט, מי און געזונט, טראַכט איך: הלואי אויף אונדז אַלע געזאָגט, אַזאַ פעסטער גלויבען, אַזאַ טיפע אמונה אין דעם לעתיד־לבוא! וויפיל גרינגער עס וואָלט דעמאָלט געווען דאָס אַרבעטן פאַר דער צוקונפט, און אויך דאָס לעבן היינט!

איך באַגריס מאיר קאַסטאָף דעם זעלטענעם מאמין. זאָל ער לאַנג דינען אונדז אַלעמען פאַר אַ מוסטער פון אַן אידעאַליסט, וואָס עלטערט זיך קיינמאָל ניט און ווערט קיינמאָל ניט אָפּגעקילט אין זיין אמונה און אידעאַלן!

# אַ וואַרימע חבר׳שע באַגריסונג

מיין וואַרעמע און חבר׳שע באַגריסונג צום יובילאַר. צוזאַמען מיט אַ סך פון זיינע פריינט, האָב איך שטענדיג געקוקט מיט באַוואונדערונג אויף זיין זעלטענער אַרבעט פאַר׳ן אידישן וואָרט, פאַר׳ן אויפבוי פון אַ נאַציאָנאַלער אידישער היים און פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

קאַסטאָפ׳ס באַגייסטערונג און אומערמידלעכקייט האָבן אין זיך די עלעמענטן פון יוגנט. זיי זיינען אַ פאַרזיכערונג פאַר אַ לאַנגער פאָרטזעצונג פון פרוכטבאַרער אַרבעט.

איך האָף, אַז צוזאַמען מיט די צאָלרייכע פריינט און חברים, וואָס באַגריסן אים ביי דער איצטיקער געלעגנהייט, וועלן מיר אים העלפן פייערן אַ סך שמחות אין דער צוקונפט.

ש. ז. צוקערמאַן

מיכל אַראָנסאָן

# זכרונות פון קאַסטאָף׳ס ערשטען רעדאַקטאָר אין מאָנטרעאָל

צום אַלעם ערשטען וויל איך באַגריסן מאיר קאַסטאָף צו זיין „שטילן“ 50 יאָריקן יובילײ. פּערזענלעך האָב איך בעסער ליב אַ באַנקעטל ביים פּייערן אַזאַ שמחה איידער אַ זאַמלבוך, אָבער אַזוי ווי איך האָב אין דעם ענין קיין דעה ניט מוז איך זיך אונטערוואַרפן אונטער דעם באַשלוס פון די אַנדערע.

איך און מאיר קאַסטאָף האָבן מיט יאָרן צוריק געהאַט זייער אַ נאָנטע פאַרבינדונג. דער צופאַל האָט אונדז צוזאַמענגעפּאָרט, אַז איך זאָל זיין דער ערשטער רעדאַקטאָר פון „קענעדער אָדלער“ און ער דער ערשטער, און פאַר אַ געוויסע צייט, דער איינציקער זעצער פון דער צייטונג וועלכע איז צוערשט ערשינען אַלס וואָכנבלאַט. איך ווייס ניט ווער עס איז אין מאָנטרעאָל געקומען צוערשט, איך אָדער קאַסטאָף, מעגלעך, אַז מיר זיינען טאַקע געקומען אין דערזעלבער צייט.

ווען מען גיט אַ בליק צוריק, כאַפּט מען זיך, אַז 28 יאָר זיינען אַזוי אוועק גאָר אומבאַמערקט. קאַסטאָף איז דאַן געווען אַ יונגער בחור׳ל און איך, אויך מיט 28 יאָר יונגער. און עס שטייט מיר יעצט פאַר די אויגן דער גרינער בחור׳ל, וועלכער האָט געדאַרפט זיין מיין זעצער. אַלעס וואָס עס האָט מיך צוערשט אינטערעסירט איז געווען אויב קאַסטאָף קאָן די מלאכה און די עראינערונגען מיינע וועגן דעם ענין זענען ניט שטאַרק קיין געהויבענע. קאַסטאָף האָט זיך נאָר וואָס געהאַט אויסגעלערנט צו זיין אַ מאַשין-זעצער און אַלעס איז ביי אים געגאַנגען קאַפּויר.

איך האָב קיינמאָל ניט געשריען אין די גאַסן פאַר דעם „אַרבעטער קלאַס“, און איך האָב שטענדיק באַקעמפּט די, וואָס טוען עס. מיר האָט ניט געקימערט ווען מען האָט מיך דערפאַר גערופן רעאַקציאָנער, אָבער אין האַרצן בין איך גאָר ניט געווען אַזאַ „אַרבעטער פרעסער“. אַנשטאָט צו בייזערן זיך אויף „מיין“ זעצער האָב איך געהאַט איינזען מיט אים און געזוכט אים צו פאַרטיידיקן פאַר די בעלי בתים, וועלכע האָבן אַ געזונטן מענטשן געקאָנט מאַכן אַ לונגען-פעלער.

ווען אַזאַ בחור׳ל און אַ גרינער דערצו, און ניט קיין איבעריקער בריה אַלס בעל-מלאכה פאַלט אַריין אין די הענט פון אַזעלכע בעלי-בתים, ווי די פריערדיקע אַרויסגעבער פון דעם „קענעדער אָדלער“ זענען געווען, איז אים נאַטירלעך ניט אַזוי פייגלדיק. צו געווינען בעסערע באַהאַנדלונגען פאַר זיי האָט מען אָפּט געמוזט ערקלערן אַ סטרייק, און, מערקווירדיק, — איך, דער רעאַקציאָנער, בין

דריי-און-זעכציק

אַלע מאָל געווען דער איניציאַטאָר פון סטרייק און פלעג אַוועקלייגן „שער און אייזן", ריכטיקער געזאָגט, די שער, ביז דער סטרייק פלעגט געוואונען ווערן.

קאַסטאָף, ווי איך געדענק אים, איז געווען אַ שטילער ענטוזיאַסטישער בחור. (זיין בחור'שאַפט האָט לאַנג ניט אנגעהאַלטן, ווייל ער האָט טאַקע דעם ערשטן ווינטער אין מאָנטרעאַל חתונה געהאַט. איך בין געווען אויף דער חתונה.) איך האָב געוואוסט, אַז קאַסטאָף איז עפּעס איינס פון די צוויי, אַ „סעימאָוויץ" אָדער אַן „איסקראָוועץ". איך מוז מודה זיין מיין אומוויסנהייט אין דעם אונטערשייד פון די דאָזיקע און אַנדערע גרופּן, וועלכע פלעגן אין רוסלאַנד אויסוואַקסן ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן. ביי מיר האָבן זיי געמיינט איינפאַך: קאַרל מאַרקס, לויט דעם פירוש פון דעם אָדער יענעם תנא.

פון קאַסטאָפס ענטוזיאַסטישן ריידן האָב איך פאַרשטאַנען אַז אין רוסלאַנד איז ער געווען טעטיק אין איינער פון די דאָזיקע גרופּן. פון דער באַגייסטערונג און יראת הכבוד מיט וועלכער ער פלעגט ריידן פון דר. זשיטלאָווסקי, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיין איינער פון זיינע חסידים. איך האָב ניט געהאַט קיין רגע צייט פאַר לאַנגע דעבאַטן מיט אים, ווייל דער „קענעדער אָדלער" איז שוין דאַן געווען אַ טעגלעכע צייטונג און איך האָב אַליין געמוזט זיין דער סיטי עדיטאָר, דער נייס־שרייבער, דער עדיטאָריעל־שרייבער, ראָמאַנען־שרייבער, זאָגן חכמות און וויצן און אַליין זיין דער „קאָרעקטאָר". אויב מען פלעגט אַמאָל יאָ צוזעצן אַ געהילף, איז עס אין די מערסטע פאַלן געווען מער „געהילץ" ווי „גע־הילף". אין דעם פּרט האָט שוין קאַסטאָף געהאַט מער מזל פאַר מיר, ווייל צו דעם סטאַף פון זעצער איז גאָר אינגיכן צוגעקומען ראַטנער און סמאָל, און שפּעטער, אויך סענדערס. (סמאָל און סענדערס אַרבעטן איצט אין „מאָרגן זשורנאַל", ראַטנער — זיי צו לאַנגע יאָר— איז געשטאָרבן אייניקע מאָנאַטן נאָכדעם ווי איך האָב פאַרלאָזן מאָנטרעאַל.)

אָבער צוריק צו קאַסטאָפ'ן. וואָס מיר איז געפעלן געוואָרן אין אים איז זיין איינפאַכקייט, זיין ערנסטקייט און זיין ערלעכקייט. נאָך אַ זאַך איז מיר געפעלן אין אים, ער איז געווען אידיש און מער אָדער ווייניקער נאַציאָנאַליסטיש געשטימט. ער האָט ליב געהאַט דאָס אידיש פאָלק, האָט געהאַט דרך ארץ פאַר זיין גרויסער און רייכער קולטור.

אַכט און צוואַנציק יאָר זענען פאָריבער זייט יענער צייט. קאַסטאָף האָט אויך פאַרלאָזן מאָנטרעאַל און איז געקומען נאָך ניו־יאָרק, און דאָ האָט ער געפונען אַ פעלד צו אַרבעטן אינם לאַגער, וועלכער האָט זיך בעסער צוגעפּאַסט צו אים — צווישן די פּועלי ציון. וואָלט ער געזוכט מאַטעריעלע נוצן פון זיין אַרבעט, וואָלט ער, מעגלעך, געוואָרן איינער פון די פירער פון דער פּאַרטיי, אָבער ער האָט עס ניט געזוכט. ער האָט געוואָלט זיין אַן אַרבעטער פאַר דער פּאַרטיי און ער האָט טאַקע פיל בייגעשטייערט צו דעם וואוקס פון דער ציוניס־טיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין ניו יאָרק.

# פון זעצער
# צו א זעצער

ד. איזאַקאָוויץ
ש. ה. אייבעלם
נ. אפרת
ה. בלום
נ. דראָשער
ש. ווינער
י. יאַקובאָוויטש
מ. סאַוויצקי
ב. סמאָל
נ. פאָמעראַנץ
ב. י. פערלמוטער
נ. ראָזענאַוער
מ. ראָזענמאַן
ש. פ. שעהנפעלד

# פון
# דער
# אידישער
# שריפטזעצער
# יוניאָן, נומער 83
# צו איר וויים - פרעזידענט

די אידישע שריפטזעצער יוניאָן, נומער 83, אינטערנעשאָנאל טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן, ניו־יאָרק, באַגריסט האַרצליך איר חשוב׳ן וויים־פּרעזידענט, מאיר קאַסטאָף, וועלכער איז טעטיק אין דער יוניאָן כמעט די גאַנצע צייט וואָס ער איז אירער אַ מיטגליד — פאַר די לעצטע 29 יאָר. צוזאַמען מיט דער גרויסער צאָל פריינט זיינע, פרייען מיר זיך מיט זיין פופציקסטן געבורטס־טאָג, און ווינטשן אים נאָך לאַנגע יאָרן פון נוצלעכער אַרבעט פאַר דער אידישער אַרבעטערשאַפט.

**אידישע שריפטזעצער יוניאָן,**
**נומער 83, אַ. ט. יו.**

**ה. בלום,** פרעזידענט
**נ. אפרת,** סעקרעטאַר - טרעזשורער
**מ. ראָזענמאַן,** רעקאָרדינג־סעקרעטאַר.

היימאַן בלום

# אָט דאָס הייסט אַן ענטוזיאַסט!

וועגן קאַסטאָפּס ענטוזיאַזם, וועגן זיין רייכער פאַנטאַזיע, וועגן זיין זען זאכן אזוי ווי ער וואָלט זיי געוואָלט זען, קען איך אַ סך דערציילן. איך וועל זיך דאָ אָבער אָפּשטעלן בלויז אויף אַ קליינעם מאָמענט אין זיין טעטיקייט אַלס מיטגליד און באַאַמטער פון דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, נומער 83, און מער באריכות וועגן זיין אַקטיוויטעט פאַרן „דבר“, דער אָרגאַן פון דער-אָרגאַניזירטער אידישער אַרבעטערשאַפט אין ארץ-ישראל.

מיט אומגעפער צוויי יאָר צוריק זיינען קאַסטאָף און איך דערוויילט געוואָרן אַלס באַאַמטע פון דער יוניאָן: קאַסטאָף אַלס וויים-פּרעזידענט און איך — אַלס פּרעזידענט.

די צאָל אַרבעטלאָזע אין דער יוניאָן איז געווען אַ זייער באַדייטנדע — אַ סך מער ווי אַ יוניאָן פון אַזאַ גרויס איז באַרעכטיקט, און מיר האָבן גענומען זוכן וועגן און מיטלען ווי אַזוי צו פאַרלייכטערן די לאַגע. טייל-ווייז איז עס אונז געלונגען, אָבער די פּראָבלעמע איז נאָך געווען ווייט פון געליזט. קאַסטאָפס רייכע פאַנטאַזיע האָט זיך אַזוי צושפּילט, אַז ניט נאָר האָט ער ניט געזען מער קיין אַרבעטלאָזע, נאָר ער פלעגט מיר האַלטן אין איין פרעגן: וואו וועט מען נעמען מענטשן צו דעקן די געשאַפענע פלעצער? און כאָטש מיר שטייען איצט, צוויי יאָר שפּעטער, נאָך אַלץ פאַר דער פּראָבלעמע: וואו צו קריגן אַרבעט פאַר די אַרבעטלאָזע, האָט אָבער קאַסטאָף געזען אין זיין ענטוזיאַזם די לאַגע ווי זי וואָלט געדאַרפט זיין, און ניט ווי זי איז אין דער ווירקלעכקייט.

אַ בעסערן באַגריף וועגן קאַסטאָפס ענטוזיאַזם האָב איך זיך געשאַפן באַאָבאַכטענדיק זיין אַרבעט פאַרן „דבר“:

איך האָב געזען קאַסטאָפן אין פאַרשיידענע אַקטיוויטעטן, געזעלשאַפטלעכע און פּערזענלעכע. נעמט ער זיך צו עפּעס, טוט ער עס מיט דער גאַנצער וואולקאַנישער ענערגיע וואָס ער באַזיצט; אָבער ווען מיר קומט אוים צו זען דעם „דבר“ אָדער צו לייענען אין אַ היגער צייטונג

אַן ענין וואָס האָט אַ שייכות מיטן „דבר“, קומט מיר גלייך אויפן געדאַנק: קאַסטאַף! ווייל ביי קאַסטאָפן איז דער „דבר“ די לעצטע עטלעכע יאָר געווען מער ווי אַ צייטונג, מער ווי אַן אָרגאַן פון אַ באַוועגונג וואָס איז איינגעוואָרצלט ביי אים אין הארצן. דער „דבר“ איז ביי אים געוואָרן אַ מין אידייע־פיקס, וואָס האָט צייטנווייז דערגרייכט ביי אים — אפשר איז עס אַ צו שטאַרקער אויסדרוק — ביז משוגעת.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין דער פאָרזיצער פון דעם „דבר“ קאָמיטעט, פון וועלכן קאַסטאַף איז געווען דער סעקרעטאַר. אָבער לאָמיר דאָ אויסזאָגן דעם סוד, אַז דער „קאָמיטעט“, מיט די אַלע נעמען וואָס זיינען געווען געדרוקט אויף די בלאַנקען, האָט פאַקטיש עקזיסטירט בלויז נאָר אין דרוק. דער „קאָמיטעט“ איז אין דער אמתן באַשטאַנען בלויז פון דריי פּערזאָן: קאַסטאַף, קאַסטאַף און קאַסטאַף. אמת, נאָך געציילטע מענטשן האָבן מיטגעהאָלפן, אָבער זייער ביסל טעטיקייט איז געקומען נאָר אַ דאַנק דער טרייב־קראַפט פון דעם אומדערמידלעכן מאיר קאַסטאַף.

פאַראַן ענטוזיאַסטן פאַר אַן אידייע, וואָס פאַרמאָגן די אייגנשאַפט אָנצושטעקן מיט זייער ענטוזיאַזם גלייכגילטיקע מענטשן און זיי פאַרוואַנדלען און איבערגעבענע אידייע־חברים. טרעפן זיי אָבער קעגנער, וועלכע זיינען איינגעג'עקשנט אין זייער קעגנערשאַפט, גיבן זיי אַ מאַך מיט דער האַנט: אומזיסט די אַרבעט. פאַר קאַסטאָפן איז גענוג, ווען אַ קעגנער זאָל מיד ווערן פון קאַסטאָפס צושטיין צו אים, אפשר עס אָנרופן „נודיען“, און לאָזן קאַסטאָפן ביים לעצטן וואָרט — איז שוין קאַסטאַף זיכער אַז ער האָט אים געוואונען. ער האַלט אים שוין אויף זיין צעטל. ער וועט אים שוין ניט אָפּלאָזן ביז ער וועט ביי אים אַרויסרייסן אַ ביישטייערונג, און וועט זיך אַליין איינריידן, אַז די ביישטייערונג האָט ער געקראָגן, ניט מחמת דעם, ווייל יענער האָט פון אים ניט געקאָנט פּטור ווערן, נאָר ווייל ער האָט אים „דעראָבערט“. קאַסטאַף וועט נאָכדעם דערציילן זיינע חברים — און עס אַליין אויך גלויבן — מיט וואָס פאַר אַ באַגייסטערונג יענער האָט אים געגעבן דעם דאָלאַר. ער וועט זיך פרייען ווי אַ קליין קינד, וואָס קריגט אַ ניי שפּילצייג.

געדענק איך אַ פאַל:

דער „דבר“ האָט זיך גענויטיקט אין אַ שנעלערער דרוק־מאַשין. דאָס איז געווען אין יאָר 1932. די צירקולאַציע האָט גענומען וואַקסן. די אַלטע „צילינדער־פּרעס“ איז געוואָרן צו־קליין. דער „דבר“ האָט קיין אייגענע מעגלעכקייטן ניט געהאַט צו קויפן אַ נייע פּרעס. עס איז קלאָר, אַז דאָס געלט, וויניקסטנס אַ באַדייטנדער טייל, מוז געשאַפן ווערן אין

אַמעריקע. קאַסטאָף שלעפּט צוזאַמען אַ גרופּע שריפטזעצער, לאַדט איין רובאַשאָוו און מערעמינסקין, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין אַמעריקע, און מען באַשליסט צו מאַכן אַ קאַמפּאַניע פאַר געלט.

מ׳האָט אַרויסגעשלעפּט וויפיל מ׳האָט געקאָנט ביי די קאָלעגן שריפטזעצער, אָבער ס׳איז ווייניק. און קאַסטאָף פאַלט אויף אַ געניאַלן פּלאַן:

ער וועט זיך ווענדן צו די הויפּט-בעאַמטע פון דער „אינטערנעשאָנאַל טיפּאָגראַפיקאַל יוניאָן“, קריגן ביי זיי זייער הסכמה, און מיט די דאָזיקע הסכמות אַרויסלאָזן אַן אַפּיל צו אַלע יוניאָנס פון דעם דרוק-פאַך אין אַמעריקע, אַרום 900 אין צאָל, עס זאָל הייסן, אַז די אַמעריקאַנער דרוק-אַרבעטער שיקן אַ מתנה צו זייערע קאָלעגן אין פּאַלעסטינע.

און ווען עס זיינען געקומען גינסטיקע ענטפערס, און ווען דער אינטערנעשאָנאַל פּרעזידענט, האַוואַרד, און דער וויים-פּרעזידענט, בענטלי, האָבן נאָך געשיקט אַ געלט-ביישטייערונג, איז קאַסטאָפס שמחה אַריבער אַלע גרעניצן. ער איז געווען זיכער, אַז איצט וועט זיך אַרונטערלאָזן אַ מבול מיט ביישטייערונגען פון די לאָקאַלע שריפטזעצער-יוניאָנס.

נאַטירלעך, איז פון דעם מבול גאָרנישט געוואָרן, פון די אַלע 900 לאָקאַלע יוניאָנס איז אָנגעקומען . . . 1 דאָלער, פון אַ אידישן מיטגליד פון אַ יוניאָן אין די סאַוט, אָבער קאַסטאָף האָט ביז דעמאָלט ניט געקענט באַגרייפן, אַז אַפילו גויים זאָלן ניט קענען איינזען די וויכטיקייט פון אַ נייער פּרעס פאַרן „דבר“!

אַנטמוטיקט אים, פונדעסטוועגן, האָט דער אינצידענט ניט: אַ קריזיס, אַרבעטלאָזיקייט, קאַמפּיין קעגן שניידן שכירות — איז געווען דער תירוץ. ער איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט ביי אידן, און אַ פּרעס איז געקויפט געוואָרן.

און אין צוויי יאָר אַרום איז שוין די פּרעס אויך קליין. מען דאַרף שוין האָבן אַן אמתע ציימונג-פּרעס מיט א סטערעאָטיפּ-אויסשטאַטונג פאַרן „דבר“. נאָר דאָס מאָל קען שוין די צייטונג, דער „דבר“, אַליין באַצאָלן. מ׳דאַרף שוין ניט קלייבן קיין געלט. מ׳דאַרף בלויז קריגן אַ מציאה און אַ גוטע מאַשין.

עס זיינען דאָ טויזנט און איין קליינע איינצלהייטן וואָס זיינען פאַרבונדן מיט קויפן אַ צייטונג-פּרעס. און ווען דער קונה איז אין ארץ-ישראל און דער פאַרקויפער איז אין אַמעריקע, און ווען מען וויל שפּאָרן יעדן דאָלאַר און קריגן דאָס בעסטע וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די דאָרטיקע אומשטענדן — איז עס איינע פון די שווערסטע אויפגאַבן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה פון אַרומגיין און אַרומפאָרן זוכן אַ געניצטע פּרעס (ווייל אַ נייע איז אַ צו-טייערער ביסן). דער האַנדל

פון דרוק-מאַשינען איז כמעט אויסשליסלעך אין קריסטלעכע הענט. האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט פאַרשיידענע אייגנטימער און אַגענטן פון מאַשינען. יענע זיינען אַמעריקאַנער געשעפטלייט, וועמען עס אינטערעסירט בלויז צו מאַכן אַ „סעיל“ און קריגן וואָס בעסערע באַדינגונגען. קאַסטאָף הויבט זיי אָבער אָן צו דערציילן וועגן דער אויפבוי-אַרבעט פון ארץ-ישראל, וועגן דער ראָלע פון דער „הסתדרות“, און ווען יענע הערן עס העפלעך אויס און זאָגן, אַז זיי וועלן טאָן דאָס בעסטע פאַרן „דבר“, פאלט שוין קאסטאָף אריין אין עקסטאז: ער האָט „דעראָבערט“ א נשמה פאַר ארץ-ישראל. דער גוי האָט בשעת-מעשה געמעגט טראַכטן וועגן גאָט-ווייסט-וואָס, נאָר אזוי ווי ער האָט אים געדולדיק אויסגעהערט, איז ער געווים געוואָרן אַן אָנהייגער פון דער ארץ-ישראל אַרבעט און וועט אים אַוועקגעבן די מאַשין בחצי-חנם.

אַין פאַרלויף פון דער זוכעניש, דינגעניש, אַלע מאָל געפינען אַ נייעם אוצר, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזן מיט גאָרניט, האָט קאַסטאָף פאַרגעסן אָן אַלץ אין דער וועלט. זיינע קעשענעס זיינען געווען פול מיט מאַשינען — ניט קיין שטאָלענע, — נאָר פלענער, בילדער, קאַטאַלאָגן, פרייז-ליסטן, א. אז. וו.; זיין מח, זיינע געדאַנקען זיינען געווען קאָנצענטרירט אַרום איין פונקט: „מאַשין פאַרן „דבר“!

און ווער האָט זיך געקענט פאַרגלייכן צו אים ווען די קניה איז געמאַכט געוואָרן; ווען דער קאָנטראַקט איז געשלאָסן געוואָרן, און ווען דער „דבר“ איז באַזאָרגט געוואָרן מיט אַ מאַשין וואָס קאָן דרוקן 24 טויזנט 8-זייטיקע צייטונגען אַ שטונדע! די שמחה פון „אויסגעבן אַ מיזינקע“ איז אַ קינדער-שפּיל קעגן דעם.

ווינש איך חבר קאַסטאָפן, אַז זיין ענטוזיאַזם זאָל ניט אויסגעלאָשן ווערן פאַר לאַנגע, לאַנגע יאָרן, און אַז ער זאָל נאָך זוכה זיין זיך עוסקן אין באַזאָרגן מיט אַ ריזיקער מאַשין דעם „דבר“, וואָס וועט זיין דער רעגירונג-אָרגאַן פון דער הערשנדער אַרבעטער-פאַרטיי אין ארץ-ישראל.



ש. פּ. שעהנפעלד

# ווי אַזוי מאיר קאַסטאָף האָט געדינט דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן

(אַן אָפּשאַצונג פון זיין טעטיגקייט — צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג)

פאַר איר ערפאָלג האָט די אידישע שריפטזעצער יוניאָן לאָקאל 83 צו פאַרדאַנקען די טעטיקייט פון אירע מיטגלידער אויף פארשיידענע געביטן. עס איז ניט גענוג פאר אַ יוניאָן זיך צו באַפעסטיקן בלויז אויפן עקאָנאָמישן געביט. אומפאָר־אויסגעזעענע אומשטענדן קענען אַמאָל גראָד אָט די עקאָנאָמישע לאַגע ענדערן און דאַן זאָל די אָרגאַניזאַציע זיך פּלוצים געפינען אָן אַ פעסטן באָדן אונטער אירע פיס. אַ לעבעדיקע אָרגאַניזאַציע מוז דאַרום שאַפן אַ קאָנטאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט אויף פאַרשיי־דענע געזעלשאַפטלעכע געביטן.

אין די ערשטע יאָרן פון דער יוניאָנס עקזיסטענץ איז איר קאָנ־טאַקט מיט דער אַרומיקער וועלט געווען גאַנץ באַשרענקט. די אָנגעהעריקייט ייז די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן אין יענער צייט איז באַטראַכט געוואָרן פאַר איבערגענוג. אונזער וועלטל האָט זיך אָנגעהויבן אויף איסט בראָדוויי און זיך געענדיקט אויף הויסטאָן סטריט. אַריבער די גרעניצן האָבן מיר זיך מיט קיינעם ניט אינטערעסירט און קיינער האָט זיך מיט אונדז ניט אינטערעסירט. אָט דער שטח האָט פאַר אונדז פאָרגעשטעלט דעם גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אונדזערע באַגריפן, לויט די לערן פון יענער צייט, זע־נען אויך געווען באַגרענעצט. יעדער געדאַנק, וואָס האָט געהאַט די מינדסטע אָנדייטונג אויף נאַציאָנאַליזם — איבערהויפּט אידישן נאַציאָנאַליזם — אָדער אידישער קולטור, איז געווען טרייף ווי ביי אַ

פרומען אידן חזיר . . . מיר זענען אַלע געווען שטרענגע אינטערנאַ־
ציאָנאַליסטן, מאַטעריאַליסטן, צו וועלכער פּאַרטיי מיר זאָלן ניט האָבן
באַלאַנגט.

דאַן האָט די ערשטע אויסגעגרינטע גרופּע מיטגלידער פון דער
יוניאָן אָנגעהויבן צו באַגרייפן, אַז אין אַמעריקע איז אויך דאָ אַ
גרויסע אַרבעטער באַוועגונג, פון וועלכער מיר זענען אַ טייל און מיט
וועלכער מיר דאַרפן קומען אין ענגערן קאָנטאַקט. אָט די ארבעט איז
זייער דערפאָלגרייך דורכגעפירט געוואָרן פון די קאָרעספּאָנדירנדע
סעקרעטאַרן וואָס די יוניאָן האָט פאַר דעם צוועק דערוויילט.

עס איז ניט אַוועק קיין לאַנגע צייט און דורך דער טעטיקייט
איז די יוניאָן מפורסם געוואָרן בכל תפוצות הארץ. איבערן גאַנצן
לאנד, וואו אָרגאַניזירטע אַרבעטער האָבן אויסגעאיבט אַן איינפלוס
האָט מען געוואוסט, אַז אין ניו־יאָרק געפינט זיך אַ מוסטער אַרבעטער
אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געמאַכט גרויסע דערגרייכונגען אויפן געביט
פון קורצע שטונדן און מענטשלעכע באַדינגונגען. ביי אלע קאָנווענ־
שאָנס פון דער אינטערנעשאָנאל טייפּאָגראַפיקאל יוניאָן פלעגט מען
אויף אונדזערע דעלעגאַטן אָנצייגן אַלס די וואונדער מענטשן, וועלכע
אַרבעטן בלויז זעקס שטונדן אַ טאָג.

די צייט איז אָבער ניט געשטאַנען. און אויך אין אונדזער אידישן
לעבן זיינען אַריינגעטראָטן ענדערונגען — סיי אין אַרט לעבן און סיי
אין ארט דענקען. די אידן זענען אַרויס פון דער ענגער געטאָ און
האָבן זיך פאַרשפּרייט איבער דער לענג און דער ברייט פון דער
שטאָט און פון דעם לאַנד. זיי זענען געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר
אין עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. און דאָס
האָט אויך זיך אָפּגערופן אויף אונזער יוניאָן: אַ גרופּע מיטגלידער מיט
מער נאַציאָנאַליסטישע אנשויאונגען זענען געוואָרן טעטיק אין יענער
באַוועגונג.

דער פאָרנעמסטער און טעטיקסטער צווישן זיי איז אָן צווייפל דער
יובילאַר, מאיר קאָסטאָף.

אין אַלע זיינע טעטיגקייטן אין אידישן קולטורעלן און גע־
זעלשאַפטלעכן לעבן האָט ער, ביי יעדער געלעגנהייט, אונטערגע־

שטראָכן זיין אָנגעהעריקייט צו דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, לאָקאַל 83. ער האָט אימער אָנגעצייגט, אַז בלויז די אידישע שריפט־זעצער יוניאָן האָט אים געגעבן די געלעגענהייט, אַז ער זאָל קענען אַזוי פיל צייט און מי אָפּגעבן, אָן שום באַלוינונג, פאַר דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אַנטיילנעמענדיק אין יענע טעטיקייטן האָט ער געשאַפן יענעם קאָנטאַקט פון דער אידישער נאַציאָנאַליסטישער און קולטורעלער וועלט מיט אונדזער יוניאָן מיט דעם זעלבן דערפאָלג, ווי די ערשטע גרופּע האָט עס געשאַפן מיט דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער אַרבעטער באַוועגונג.

אָט די ארבעט איז ביי דער איצטיקער צייט איינפאַך ניט אָפּצושאַצן.

אַ חוץ קאַסטאָף'ס אַלגעמיין - געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז ער אויך געווען טעטיק אין דער יוניאָן. ער האָט אימער געפילט א דראַנג זיך צו באַטייליקן אין יוניאָן אַרבעט, ווען אַזאַ געלעגענהייט איז אים נאָר געגעבן געוואָרן. און אזוי געפינען מיר אים אין פאַרשיידענע צייטן אין פאַרשיידענע אַמטן און אין פילע פאַראַנטוואָרטלעכע קאָמיטעס, וואו מיט זיין דערפאַרונג און ענטוזיאַזם מאַכט ער זיך ניצלעך פאַר דער יוניאָן. און כאָטש צו זיין 50 יעריקן געבורטסטאָג האָט ער שוין אַ היבש ביסל גרויע האָר, איז אָבער זיין ענטוזיאַסטישע נשמה און באַרייטווויליקייט פאַר אַרבעט לטובת הכלל נאָך אַזוי יונג ווי מיט יאָרן צוריק.

## דער עלטסטער זעצער פון „טאָג", לואיס („פּאַפּ") סלעווין באַגריסט ברודער, חבר און פריינט מאיר קאַסטאָף

אַלס ברודער און קאָלעגע אין שאַפּ „טאָג", און אַלס חבר און פריינט אין י. ל. פרץ ברענטש 83, אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַרבאַנד, באַגריס איך מאיר קאַסטאָפן צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג און איך ווינטש אים, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער אַ סך גליק און נחת, און איך זאָל נאָך דערלעבן צו זיין ביי זיי אויף שמחות, צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע ברידער און חברים פון שאַפּ, פון דער יוניאָן און פון אונדזער ברענטש 83.

לואיס („פּאַפּ") סלעווין.

נ. דראָשער

# קאַסטאָף — דער אומדערמידליכער

פונקט מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, לעצטן חודש יולי, ווען איך בין צוריקגעקומען אויף דער אידישער גאַס נאָך זן אפּוועזנקייט פון קאַרגע צען יאָר, האָב איך אין אונדזער אידישער שריפטזעצער יוניאָן געטראָפן א היפּשע צאָל יונגע מיטגלידער.

מאיר קאסטאָף איז געווען איינער פון די צוגעקומענע יונגע מיטגלידער; קיין „גרינער" איז ער אָבער שוין ניט געווען, ווייל ער האָט שוין דעמאָלט געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פונם אידיש־אַמעריקאנישן לעבן אין מאָנטרעאָל, וואו ער האָט פארבראכט א פּאָר יאָר, ארבעטנדיק אויפן „קענעדער אדלער". די שטילע, רואיקע קענעדע איז אָבער געווען צו־מאָנאָטאָן, צו־לאַנגווייליק פאר דעם אומרואיקן, ברויזנדן גייסט, וואָס האָט זיך געריסן צו אקציע, צו אויפטואונגען, צו דערגרייכונגען.

אָנגעלאָדן מיט א היפּשן באַגאַזש פון זיינע אידעאלן, וועלכע ער האָט מיטגעבראכט פון דער אלטער היים, און פאר וועלכע ער האָט דאָרטן געליטן און געוואַגלט, האָט ער דאָ, אין ניו יאָרק, געפינענדיק זיך אויף דער אידישער גאַס, אין סאַמע קאָך און ברען פון פאַרשיידענע פּראָגרעסיווע טעטיקייטן, זיך דערפילט אין דער געוואונטשענער אטמאָספערע, וואו ער וועט קענען פארוועבדן זיינע יונגע כחות און ענערגיע. און קאסטאָף ווארפט זיך אריין מיט זיין גאַנצן יוגנט־ברען אין דער אַרבעט.

עס רוקן זיך אָן די וועלט־מלחמה יאָרן. נייע פּראָבלעמען שווימען ארויף אויף דער אויבערפלאך פון אידישן לעבן סאי דאָ און סאי אויף דער גאָרער וועלט. ס'שאפן זיך הילפס־קאָמיטעטן, ס'ווערן אָנגעפירט קאמפּיינס, געלטזאמלונגען פאר די מלחמה־קרבנות, פליכטלינגען, פאר דער הסתדרות, פארן „דבר" א זעץ־מאשין, א דרוק־מאשין — קאסטאָף ארבעט אומדערמידלעך, שטעלט זיך ניט אָפּ פאר קיין שום שוועריקייטן, טוט און דערגרייכט . . .

נו, און זיין יוניאָן? אויך דאָ איז ער טעטיק אין פארשיידענע קאָמיטעס אָדער אמטען, וואָס באַנויטיקן צייט און ענערגיע.

און אזוי פון יאָר צו יאָר — קיין אָפּשטעל, קיין אָפּרו, — א ווּאולקאַן, וואָס קאָכט און ברויזט!

אַ זאַמלבוך צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג — א גרויסער אויפטו און א כשר־פארדינטער! זאָלן דאָרט געפינען פּלאַץ די אָפּשאצונגען און אנערקענונגען פון זיינע צאָלרייכע פריינט, קאָלעגן און חברים פאר די גרויסע פארדינסטן, אין וועלכע ס'האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט קאסטאָפס אָפּפערווויליקייט און זיין אומטיילבארע איבערגעבנקייט צו די אינטערעסן פון אידישן פאָלק און דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט.

מ. ראָזענמאַן

# כבוד צו דעם וואָס פאַרדינט עס!

ביי אונז, אידישע שריפטזעצער, האָט דער וויים־פּרעזידענט פון אונזער יוניאָן, מאיר קאַסטאָף, פאַרדינט, אַז מיר זאָלן זיך אָנכאַפּן אָן דער געלעגנהייט פון זיין פופציקסטן געבורטסטאָג און אים אָפּגעבן אַזוי פיל כבוד וויפיל ער פאַרדינט.

ווייל אויסער דעם וואָס קאַסטאָף איז, אָן ספק אַ חשוב׳ער און אַקטיווער מיטגליד פון אונזער יוניאָן פאַר די לעצטע 29 יאָר, באַשטייט אויך אַ גרויסע טייל פון זיין טעטיקייט אין גלאָריפיצירן דעם זעצער־פאַך. מאיר קאַסטאָף וויל ניט אַנדערש, ווי נאָר אַריינצוברענגען אונזער פאַך אין דער קאַטעגאָריע פון „מלאכת הקודש", ווי עס פלעגט טאַקע אַמאָל, אין די גאָר־אַלטע צייטן, אָנגערופן ווערן אידישע שריפטזעצעריי...

ברודער קאַסטאָף גלויבט באמת, אַז דער „בחור הזעצער" האָט עפּעס אַ העכערן ציל, ווי נאָר „מאַכן אַ לעבן" פון זעצעריי. ניין, ער איז זיכער, אַז די הויפּט־מיסיע פונ׳ם זעצער איז, צו העלפן פאַרשפּרייטן דאָס געדרוקטע וואָרט, און אַז ער, דער זעצער, דאַרף זיין דער פאַרמיטלער צווישן דעם שרייבער און דעם לייענער — הכלל, עפּעס אַזוי ווי אַ מין „כלי־קודש"...

וואָלט זיך קאַסטאָפ׳ן וועלן אַרויסברענגען זיינע ברידער־זעצער פאַר דער וועלט אין זייער פולער „גלאָרי". אָנטאָן אויף פילע פון זיי אַ מאַנטל פון קדושה אום צו מאַכן זיי ענלעך, אויב ניט צו די שרייבער זעלבסט, איז כאָטש — צו אַקטיאָרן, קינסטלער, און אַנדערע, וועלכע זיינען נאָענט צו זיי...

דאַריבער, ווען קאַסטאָף האָט געוואוסט, אַז די שרייבער און אַקטיאָרן האָבן שוין אַרויסגעגעבן לעקסיקאָנען מיט ביאָגראַפיעס און באַשרייבונגען פון זייערע חברים, איז ביי אים געבוירן געוואָרען דער געדאַנק צו שאַפן אויך אַן ענלעכן ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון אידישע שריפטזעצער. ער גלויבט, אַז געוויסע אידישע זעצער האָבן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן צו דערציילן וועגן זייער טאָג־טעגלעכער באַרירונג מיט שרייבער, און דערהויפּט האָבן די עלטערע זעצער עפּעס צו דערציילן — זאַכן וואָס קאָנען האָבען אַן אַלגעמיינעם אינטערעס, און אפשר זאָל עס אויך קאָנען זיין אַ וויכטיגער בייטראַג צו דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון דער אידישער פּרעסע און ליטעראַטור.

און דאָס וואָס זיינע קאָלעגן האָבן ניט אויפגענומען מיט באַגייסטערונג דעם פּלאַן וועגן דעם לעקסיקאָן, איז ניט קאַסטאָפ׳ס שולד; דערפון איז זיין אייגענער ענטוזיאַזם ניט אָפּגעקילט געוואָרן. און אַזוי ווי אַ סך פון זיינע אַנדערע פּלענער, וועט ער נאָך דאָס אויך מיט זיין גרוים עקשנות דורכפירן,

— ווייל קאַסטאָף ווערט ניט נתפּעל, ווען עמיצער מאַכט אפילו — צוליב פאַר־שיידענע מאָטיוון — חוזק פון זיינע פּלענער. ער טענה'ט זיך זיינס, אַז יעדע גוטע זאַך דאַרף פון וועמען־עס־איז דאָך אָנגעהויבן ווערן, און אויב ניט אַלע, וועלכע דאַרפן אין דעם זיין פאַראינטערעסירט, ווילן עס אין אָנהויב צוגעבן, מאַכט אויך ניט אויס... ער איז שטענדיג גרייט צו טאָן זאַכן, וועלכע זאָלן זיין אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע...

מיר פּערזענלעך אימפּאָנירט שטענדיג קאַסטאָפּ'ס פאַנטאַזיעס און כ'האָב הנאה פון דער גרויסער התפּעלות, וואָס ער קריגט פון זיינע אייגענע אידעען. ס'איז דאָ אין דעם אַזויפיל קינדישער חן, ווי ביי סערוואַנטעס' דאָן־קיכאָט. אָט די אמת־ראָמאַנטישע פיגור רופט אַרויס ביי מיר אַלעמאָל אַ וואַרימע סימפּאַטיע. איך האָב ליב די מענטשן, ביי וועמען פאַנטאַזיע מישט זיך אויס מיט ווירקלעכקייט.

און ס'איז גוט, וואָס ס'קומט מיר אויס צו שרייבן וועגן מיין פריינט און חבר מאיר קאַסטאָף איצט, ווען ער איז נאָך אַזוי פול מיט יוגנטלעכער פרישקייט און לעבעדיגקייט. פאַרשפּאָר איך זיך האַלטן אין די ראַמען פון לויטער שבחים.

אָט, אַ שטייגער, קריטיקירן אים אָפּט אַ צאָל פון זיינע קאָלעגן און פריינט דערפאַר, וואָס ער האָט ליב, וואָס מען רופט דאָ, „פּובליסיטי"... האַלט איך דאָס אויך ניט פאַר אַזאַ גרויסן חסרון. אַז אידעאַליזם מוז גיין דוקא צוזאַמען מיט עניוות, איז, לויט מיין מיינונג אַ פאַרעלטערטער און אָפּגעלעבטער באַגריף. פאַלשע אָדער איבערטריבענע עניוות איז אַמאָל נאָך פיל ערגער ווי פּוסטע גאוה, און ווען איינער זוכט אפילו „פּובליסיטי", און ער טוט דערפאַר גוטע אַרבעט, כדי ער זאָל עס כשר פאַרדינען, פאַרגין איך עס אים, די דאָזיקע „פּובליסיטי", פונם גאַנצן האַרצן... פאַרוואָס זאָלן טאַקע מענטשן ניט וויסן, ווען, וואָס און ווי אַזוי איינער טוט, אָדער סטאַרעט זיך צו טאָן גוטע זאַכן לטובת הכלל. און וואָרום אָפּלייגן דעם געַנוס פונם פאַרדינטן כבוד ביז נאָכן טויט, פאַר די קרובים, ווי עס איז דער שטייגער ביי אונז אידן?...

ס'איז פּונקט אַזוי ניט שכל'דיק פאַר אַן אידעאַליסט אָפּצוזאָגן זיך פון פאַרדינטן כבוד פאַר זיין אַרבעט לטובת הכלל, ווי פאַר'ן רייכען קמצן אָפּצו־זאָגן זיך פון הנאה האָבן פון זיין עשירות, כדי וואָס מער איבערצולאָזן פאַר די אומדאַנקבאַרע יורשים.

איין זאַך איז זיכער — קיין מאַטעריעלע נוצן פאַר זיך האָט קאַסטאָף פון זיינע קהל'שע, טרייד־יוניאָניסטישע און אידעאַליסטישע טעטיקייטן קיינ־מאָל ניט געצויגן. און דאָס איז, נאַטירלעך, די שענסטע פאָרם פון אידעאַליזם, ווייל צו זיין באַגייסטערט פאַר אַן אידעע — פאַר אַזויפיל און אַזויפיל אַ וואָך, איז אַ צווייפעלהאַפטע באַגייסטערונג...

מאיר קאַסטאָף — אַ קינד פון אידישן אַרבעטס־פאָלק, פון „עמך", האָט געוואונען פאַר זיך אַ בכבוד'יקן פּלאַץ אין דער אידיש־נאַציאָנאַלער, ווי אויך אין דער אַרבעטער־וועלט, דורך זיין ערלעכער און אומערמידלעכער טעטיקייט.

טאָ לאָמיר אים טאַקע אָפּגעבן כבוד! און לאָמיר אים ווינטשן נאָך אַ סך פרוכטבאַרע יאָרן פון טעטיקייט און פאַנטאַזיע...

ד. איזאקאָוויץ

# אַזעלכע טוער זיינען אַ געווינס פאַר יעדער באַוועגונג

טייערע חברים און פריינד:

איר האָט מיר געשטעלט אין אַ מאָדנער לאַגע, איינלאַדענדיק מיך זיך צו באַטייליקן אין דער יובילייִ פייערונג פון חבר מאיר קאַסטאָפּ׳ס 50־יאָריקן געבורטסטאָג און גענויע דריי־צענדליק־יעריקער טעטיגקייט אין דער אידיש־נאַציאָנאַלער און סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

פון איין זייט, האָב איך בטבע ניט ליב די דאָזיקע געקינצעלטע, אַזוי־גערופענע אָנערקענונגען און אָפּשאַצונגען, איינמאָל אין אַ יובל, וועלכע, אין די מייסטע פאַלן, מיינען גאָרנישט און זענען ניט מער ווי אָפּקומענישן. מיר דוכט זיך, אַז עס איז פאַראַן אַ בעסערער וועג, אַ נוצלעכערער און געזונטערער, וואָס איז מיר אַ סך ליבער, און דאָס איז — ווען מיר וואָלטן זיך באַצויגען מיט מער חבר׳ישקייט, מיט מער קעגנזייטיקער אַכטונג און אַנערקענונג, צו יעדער צייט, ביי אַלע געלעגנהייטן.

פון דער אַנדער זייט, קאָן איך ניט און וויל אויך ניט צוריקשטיין פון באַגריסן חבר מאיר קאַסטאָף צו זיין 50־יאָריקן יובילייִ און אויסדריקן אים מיינע חבר׳שע געפילן און ווינשונגען, אין דער עפענטלעכקייט, ווי איך האָב עס געטאָן די פולע צוויי־און־האַלב צענדליק יאָר, זינט איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אים און מיט זיין ליבער פרוי, אין מאָנט־רעאָל, קאַנאַדע.

עס וואָלט שוין גלייכער געווען — פאַר מיר פערזענלעך, לפּחות — ווען איר פייערט זיין יום־טוב אויף דעם אַלטן קאָנווענציאָנעלן שטייגער, מיט אַ

באַנקעט און מיט רעדעס, וואו מען קאָן יוצא זיין מיט אַן אַנעקדאָט אָדער אַ וויץ, און מען דאַרף ניט אַזוי מדקדק זיין מיט ווערטער, ווי ווען מען ווייס. אַז זיי וועלן בלייבן פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס.

וואָרים שרייבן וועגן זיינע אקטיוויטעטן אין דער ציונ.־סאָצ. באוועגונג און אין די אידישע קולטור־ און ערציהונגס־אינסטיטוציעס, פיל איך זיך ניט באַרופן, — אַנדערע וועלן עס זיכער טאָן בעסער ווי איך קאָן עס טאָן.

איך ווייס בלויז איין זאַך, אַז אַזוינע מענטשן, ווי חבר מאיר קאַסטאָף, זענען ניטאָ צופיל, און ווען זיי זענען דאָ זענען זיי אַ געווינס פאַר יעדער באַוועגונג. ער פאַרדינט זיכער דעם כבוד וואָס איר קלייבט זיך אים צוצוטיילן.

ערלויבט מיר דאַריבער צו באַגריסן אים און ווינשן אים לאַנגע יאָרן פון טעטיגקייט פאַר די אידעאַלן וואָס זענען אים טייער, פון גוטן געזונט און גליק, צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע.

# קאָלעגיאַלע באַגריסונג

חשובע פריינט פונם „מאיר קאַסטאָף יובילײ־קאָמיטעט״:

דערלויבט מיר צו דער געלעגנהייט פון דעם פופציק־יאָריקן יובילײ פון ברודער און פריינט מאיר קאַסטאָף צו שרייבן אַ פּאָר ווערטער. פאַר די פילע יאָרן, וואָס מיר ארבעטן צוזאמען, האָב איך אין אים געפונען א מענטשן, וועלכער איז אימער גרייט צו טאָן אַלץ וואָס איז מעגלעך פאַר דעם איינצלנעם מיטגליד פון דער יוניאָן, פונקט ווי פאַר דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע — אונזער באַליבטע שריפטזעצער יוניאָן, לאָקאַל 83. אַלס דער סעקרעטער־טרעזשורער פון דער יוניאָן האָב איך געהאַט גענוג געלעגנהייטען עס צו באַאָבאַכטען.

פיל וואָלט איך געקאָנט זאָגן וועגן אים אַלס מענטש, אַלס ברודער, אַלס פריינט און אלס חבר, אָבער איך בין זיכער, דאָס ער האָט שוין אזוי פיל כשר־פאַרדינטע לויב־געזאַנגען אָן מיר, אַז דאָס איינציקע, וואָס איז פאַר מיר פאַרבליבען, איז צו ווינטשן אים נאָך פילע יאָרן פון געזונט און פרוכטבארע טעטיקייט אין אונדזער יוניאָן, ווי אויך אין די אנדערע געזעלשאפטן, וואו ער טוט גוטע אַרבייט, דערביי אָבער ניט פאַרגעסנדיג שטענדיג צו אונטערשטרייכן דעם פאַקט, אַז ער קאָן עס טאָן נאָר אַ דאַנק די גוטע קאָנדיציעס און די קורצע שטונדן וואָס ס'איז איינגעפירט אין אונדזער שריפטזעצער יוניאָן.

און איך באַגרים אים ספּעציעל אַלס דעם וויס־פּרעזידענט פון אונדזער יוניאָן.

מיט ברידערליכן גרוס, אייערער

נ. אפרת.

נ. פּאָמעראַנץ

# אין אַלץ זוכט ער יום־טוב׳דיגקייט!

מאיר קאַסטאָף איז אַ מענטש, וואָס האָט מער פון אַלץ ליב יום־טובדיקייט. ער קאָן ניט פאַרטראָגן די וואָכעדיקייט פון לעבן און זוכט רק דעם יום טוב אין אים. נאָך מער, אין דעם סאמע וואָכעדיקסטן אנטדעקט ער תמיד דערהויבענע, יום טוב׳דיקע מאָטיוון.

יום־טוב׳דיקייט — דאָס איז דער הויפּט־מאָטיוו פון זיין נשמה, פון וועלכער עס קוועלט אַרויס אַן אומענדלעכער שטראָם פון ענערגיע, ענטוזיאַזם און אָפּטימיזם.

יום־טוב׳דיקייט — און דאָס זוכן און נאָכיאָגן זיך נאָכ׳ן יום־טוב!

*       *       *

אויף זיין מזל איז אויסגעפאַלן צו זיין אַ אידישער שריפטזעצער. אַ גאַנץ בכבודיקע מלאָכה, און מ׳מאַכט ביי איר אַ גאַנץ פיינעם לעבן. פאַר קאַסטאָפ׳ן אָבער איז אומדערטרעגלעך דער געדאַנק, אַז שריפטזעצעריי איז ניט מער ווי אַ מלאָכה פון וועלכער מ׳ציט חיונה — אָט אַזוי ווי שוסטעריי אָדער שניידעריי, למשל. קען דאָס זיין, אַז אַ שריפטזעצער, וואָס האָט צו טאָן זיין גאַנצן לעבן מיט די ווערק פון קינסטלער, דורך וועמעס הענט עס גייען אַדורך אַזוי פיל הייליקע „שמות", וועלכער העלפט שאַפן קולטור, גייס־טיגע שפּייז פאַר׳ן פאָלק, — קען דאָס זיין, אַז דער שריפטזעצער איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי מיליאָנען אַנדערע בעלי־מלאָכות? ניין, אַזאַ גע־דאַנק איז אומדערטרעגלעך פאַר קאַסטאָפ׳ן. אין זיינע אויגן איז שריפט־זעצעריי אַ הייליקע מלאכה!

און ער טוט אַלץ אין זיינע כוחות, אַז די מענטשן וואָס אַרבעטן ביי אָט דער מלאכת הקודש, זאָלן פאַראינטערעסירט ווערן אין העכערע ענינים, כדי זיי גופא זאלן אויך ווערן כאָטש אַ קאַפּיטשקע „קודש".

קאַסטאָף איז געווען איינער פון די ערשטע — און צווישן שריפטזעצער, דוכט זיך, דער איינציקער — וועמען דער כאַאָטישער צושטאַנד פון דער אידישער אויסלייגעכץ האָט ניט געלאָזן רוען. ער האָט געשריבן וועגן דעם

אין פאַרשיידענע צייטשריפטן, האָט גערעדט וועגן דעם מיט שרייבער און שפּראַך־פאָרשער, האָט אַגיטירט פאַר אַ קאָנפערענץ וועגן דער פראַגע, האָט אויסגעפּועל'ט אַז די אידישע שריפטזעצער יוניאָן זאָל ביי דער דאָזיקער קאָנפערענץ זיין פאַרטראָטן. און ווען אַן אָרטאָגראַפישע קאָמיסיע איז אָרגאַניזירט געוואָרן, און זי האָט ענדלעך פאַרעפנטלעכט איין ליסט כללים און אַ צווייטע, איז קאַסטאָף געווען אַ גליקלעכער — דאָס איז געווען אַ יום־טוב, אין וועלכן ער האָט געהאַט אַ חלק!

די אידישע שריפטזעצער יוניאָן טראָגט דעם נומער 83. אַ צופאַל אַזאַ: בעת די שריפטזעצער־אינטערנעשאָנאַל האָט ארויסגעגעבן אַ טשאַרטער צו די אידישע שריפטזעצער האָט עס גראָד געהאַלטן ביי נומער 83. פאַר קאַסטאָפ'ן אָבער ליגט אין דעם נומער 83 אַ מיסטישע קראַפט. דער נומער 83 איז הייליק און מ'טאָר אים ניט לאָזן בלייבן אַליין און פאַרזאַמט. ער נעמט זיך גרינדן אַ ברענטש 83 פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד פאַר שריפטזעצער — און ער האָט זיינס אויסגעפירט! ער האָט פאַרפלאַנצט דעם הייליגן נומער 83 אין נאָך אַ גאָרטן!

לצים זאָגן אַ וויץ, אַז עס איז גרינגער זיך צו גט'ן מיט אַ ווייב, איידער מיט אַ זעצער. דאָס איז איבערהויפּט אמת וועגן יענע זעצער, וואָס אַרבעטן אין די גרויסע טעגלעכע צייטונגען. ווען אַ זעצער קומט אַריין אַרבעטן אין אַ צייטונג, בלייבט ער שוין דאָרט אַרבעטן ביז צום סוף פון זיינע יאָרן. קאַסטאָף איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט אויפגעגעבן זיין פּלאַץ אין „טאָג” און איז אַוועק — ניט ווייל ער האָט געוואונען דאָס גרויסע געווינס און האָט מער ניט געדאַרפט אַרבעטן, און אויך ניט ווייל עס האָט זיך אים געמאַכט אַ בעסער געשעפט, נאָר ווייל ער האָט זיך אריינגענומען אין קאָפּ דעם געדאַנק צו מאָדערניזירן דעם אופן ווי אַזוי צו זעצן נקודות! יאָרן־לאַנג האָט ער זיך ארומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק. עס איז ניט וויכטיג, וואָס זיין פאַרזוך האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, וויכטיג איז וואָס ער האָט געוואָנט איינצישטעלן און צו פּרובירן. און איצט, ווען נקודות ווערן שוין טיילווייז געזעצט מיט דער ליינאָטאיפּ־מאַשין, אָנשטאָט מיטן האַנט, — איז עס ווידער אַמאָל אַ יום־טוב ביי קאַסטאָפּ'ן!

ניטאָ אַן ענין, וועלכן קאַסטאָף האַלט פאַר וויכטיק, אַז ער זאָל ניט האָבן געזוכט צו פאַראינטערעסירן די אידישע שריפטזעצער אין אים. דאַרף דער „דבר”, די צייטונג פון די אידישע אַרבעטער אין ארץ־ישראל, האָבן נייע מאַשינען, — זעט שוין קאַסטאָף, אַז די שריפטזעצער זאָלן שאַפן דאָס געלט פאַר די מאַשינען; נייטיקן זיך די אידישע אַרבעטער אין פּוילן אין אַ טעגלעכער פּועלי־ציוניסטישער צייטונג, — קהל'ט זיך קאַסטאָף ביים איינקויפן פאַר זיי אַ דרוקעריי, און ווידער אַמאָל געלינגט אים צו באַקומען

אַ טייל פון דעם געלט דערפאר ביי די שריפטזעצער; ווערט ערגעץ אָפּגע־האַלטן אַ צוזאַמענפאָר פון געוועקשאַפטן־קאַמפּיין, — לייגט זיך קאַסטאָף אין דער לענג און אין דער ברייט אַז די שריפטזעצער־יוניאָן זאָל דאָרט זיין פאַרטראָטן.

דאָס זיינען אַלץ קאַסטאָפס שמחות, און אים איז וואויל ווי די וועלט ווען ער נעמט אָנטייל אין זיי, ווייל דאָס שטעלט צופרידן דעם העכסטן פאַרלאַנג זיינעם, — זיין פאַרלאַנג נאָך יום־טוב'דיקייט.

*   *   *

קאַסטאָף האָט ביי זיך אַן אמת'ן אַרכיוו פון אַלטע מאַנוסקריפּטן און דרוק־זאַכן, וואָס ער האַלט טייערער פון דעם גרעסטן אוצר. מ'זאָגט יאַקבי, אַז ער האָט אַ מאַנוסקריפּט פון ניט קיין קלענערן ווי מענדעלי מוכר ספרים אַליין. ער האָט מאַנוסקריפּטן פון ווינטשעווסקי'ן, מאָריס ראָזענפעלד'ן א. ליעסינ'ען, דוד פּינסקי'ן און פון וועמען ניט! קומט אים אויס צו זעצן אַ מאַנוסקריפּט פון אַ באַרימטן שרייבער, פאַלט אים גאָרניט איין אַזאַ חלול הקודש ווי אַרויסצווואַרפן דעם מאַנוסקריפּט נאָכדעם ווי די זאַך איז שוין אויפגעזעצט; ער קלייבט צוזאַמען די בלעטלעך מיט דער גרעסטער ליבשאַפט און יראת־הכבוד און נעמט זיי אַהיים.

ער טוט עס קודם כל צוליב דעם, ווייל ער אַליין האָט דאָך געזעצט דעם דאָזיקן מאַנוסקריפּט, ער אַליין האָט געהאָלפן מיטשאַפן דאָס גרויסע ווערק. ער טוט עס אָבער אויך ניט ווייניקער צוליב דעם, ווייל ער האָט די איידעלסטע באַציאונג צום געשריבענעם וואָרט, צו דער אַרבעט פון די מייסטער פון אונזער ליטעראַטור. די מאַנוסקריפּטן זיינען פאַר אים אַ הייליקער אָנדענק סיי פון דעם שאַפער און סיי פון זיין אייגענעם חלק אין דער שאַפונג.

און ניט נאָר צו שריפטשטעלער האָט קאַסטאָף אַזאַ עקזאַלטירטע באַ־ציאונג, נאָר אויך צו מענטשן בכלל. איך קען אים שוין מער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט, און האָב קיינמאָל פון אים ניט געהערט אַ שלעכט וואָרט אויף אימיצן. איר הערט פון אים תמיד נאָר איטלעכע רייד: „וועלכן באַווּנדערונג איז געבענטשט מיט אַזאַ מענטשן ווי דער און דער", „מי לנו גדול כ'יענער!" א. אז. וו.. א. אז. וו. ער זעהט אין יעדערן בלויז דאָס גוטע, דאָס דערהויבענע, דאָס יום־טוב'דיקע. ממש דאָס גאַנצע לעבן זיינס גייט ער אַרום און וואַרפט כסדר בלומען אויף אַלעמען — און אים איז אַזוי גוט דערביי.

און איצט, אַז מאיר קאַסטאָף ווערט פופציק יאָר אַלט, און ביי אים איז אַ יום־טוב. — איז עס ניט נאָר אַ מצוה אויף אים צו וואַרפן אַ בלימל, נאָר עס איז טאַקע אַ פאַרגעניגן אויך!

זאָל ער לאַנג לעבן און זיין טעטיג צווישן אונז, און זיך פילן באמת יום־טוב'דיק!

ש. ה. אייבעלס

# קאַסטאָף׳ס ערשטע טעג אין אַמעריקע

ווען איך האָב דערהאַלטן אַ בריוו פון דער קאָמיטע וועלכע גיט אַרויס דעם זאַמלבוך אונטערן נאָמען: „מאיר קאַסטאָף (דער „בחור הזעצער“) פופציק יאָר אַלט“, אַז איך זאָל שרייבן אַן אַרטיקל, האָב איך געדענקט, אַז דאָס איז זיכער אַ טעות, אַז דאָס מיינט מען אַן אַנדערן. וואָרום, זינט ווען בין איך דאָס געוואָרן אַ שרייבער? איך האָב געמיינט, אַז דורך אַ טעות האָב איך געעפנט אַ פרעמדן בריוו. איך באַטראַכט אַ צווייטן מאָל דעם נאָמען, דעם אַדרעס אויפן קאָנווערט, דאָך מיינער. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז ביי דער אויסערער וועלט זיינען זעצער פאַררעכנט פאַר אַן „עם הספר“. ניט נאָר זיינען זעצער שרייבער, נאָר אפילו פרעזידענטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען געווען זעצער. אָבער איך בין דאָך אַ פשוטער בעל מלאכה, אַ זעצער, און ניט קיין שרייבער און טאקע דערפאר וויל איך בלויז שרייבן עטלעכע ווערטער וועגן קאסטאָפס ערשטע טעג אין אמעריקע.

באַקאַנט האָב איך זיך מיט חבר קאַסטאָפ׳ן מיט אַ יאָר 29 צוריק. עס איז געווען אַ נאָכמיטאָק, איך האָב דאַן געוואוינט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן אין דריי קליינע צימערן אויף דער איסט סייד.

עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן מיט אַ קאָפּ געקרויזטע, שוואַרצע האָר און שטעלט זיך פאָר:

„איך קום איצט פון עלים איילענד. אַליין בין איך אַ ווילנער, אַ זעצער. איך בין אַ חתן פאַר אייערע אַ פלימעניצע, עלקע לעווין“.

מיר האָבן אים גאַנץ פיין אויפגענומען. געמאַכט פאַר אים אַ בעט פון טשערס וועלכע מען האָט צוזאַמענגעשטעלט (דאָס איז געווען דאָס בעסטע וואָס מען האָט געקענט טאָן אונטער די אומשטענדן) און נאָכדעם ווי ער איז ביי אונז אַזוי אָפּגעווען אַ וואָך צייט, האָב איך אים אַוועקגעפירט אין קאַנעל סטריט צו א. ח. ראָזענבערג אין בייסמענט, וואו ער האָט זיך געשטעלט אַרבעטן אויפן „אוצר השמות“. דאָרט האָט ער געאַרבייט אַ קורצע צייט און איז נאָכדעם אַריין אין דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, פון וועלכער ער איז אַ טעטיקער מיטגליד ביז היינט צו טאָג.

און איצט, צו זיין 50־יאָריקן געבורטס־טאָג, ווינש איך מיין קאָזין מאיר קאַסטאָף, צוזאַמען מיט זיין פרוי און פאַמיליע און מיט אונז אַלעמען, לאַנגע יאָר און זאָל ער אימער זיין טעטיק אַזוי ווי ביז איצט.

ג. ראָזענאַוער

# מאיר קאַסטאָף — דער אידעאַליסט

דער גרויסער אמעריקאַנער פרייהייט־קעמפער, ווענדעל פיליפּס, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, דאָס יעדער מענטש דאַרף אין זיין יוגנט גלויבן אין אַ אידעאַל און דינען זיין אידעאַל טריי און אָפּפערוויליק, אום אויף דער עלטער זאָל ער קענען מיט צופרידנקייט פילן, אַז זיין לעבן איז ניט געווען דורכאויס פּראָזאַאיש און וואָכעדיק.

מאיר קאַסטאָף האָט באַוויזן, אַז עס איז מעגלעך צו פופציק יאָר זיין דער זעלבער ענטוזיאַסטישער אידעאַליסט און אַלזייטיקער פּראַקטישער טוער אין דער ציוניסטישער און אַרבעטער באַוועגונג ווי אין זיינע יונגערע יאָרן, און אויב מעגלעך, מיט מער ענערגיע, מיט מער אויסגעהאַלטנקייט. וועגן אים קען מען ניט זאָגן, אַז זיין לעבן ביז איצט איז געווען וואָכעדיק אָדער פּראָזאַאיש.

אין דער פילזייטיקער טעטיקייט פון מאיר קאַסטאָף ווען מיר עראינערן איינעם פון די פילע וויכטיקע עפּיזאָדן.

עס איז געווען אַ צייט אין אונזער אידישער ראַדיקאַלער אַרבעטער באַוועגונג דאָ אין אַמעריקע, ווען דער ציוניזם איז באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ שטיק טרפות, און אויף די וויניקע אַנהענגער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג האָבן די ראַדיקאַלן געקוקט זייער קרום. עס האָט עקזיסטירט אַ פיינטלעכע שטעלונג צו דער ציוניסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט, צו יענער צייט, דורכגעדרונגען די גאַנצע אָפיציעלע סאָציאַליסטישע און אַרבעטער באַוועגונג. עס איז געווען כמעט ווי גענצלעך אויסגעשלאָסן, דאָס אַן אַקטיווער אַרבעטער־טוער זאָל האָבן דעם מוט עפנטלעך זיך דערקלערן סימפּאַטיש מיט ציוניסטישע שטרעבונגען.

איז געקומען דער אומפאַרגעסלעכער מאַקס פיין און האָט דורכגעבראָכן די שטאַרקע פעסטונג פון גלייכגילטיקייט און פיינטשאַפט, און דער ציוניסטישער אידעאַל האָט באַקומען בירגער־רעכט אין דער אידישער ראַדיקאַלער באַוועגונג. וואָס מאַקס פיין האָט דורכגעמאַכט און דורכגעליטן צו יענער צייט

ווי אזוי עס איז אים אָנגעקומען דורכצופירן די ענדערונג אין די באַציהונגען צווישן די אידישע ראדיקאַלן און די ציוניסטן, זיינע פּערזענלעכע ליידן און קרבנות דערביי — דאָס אַלעס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל געשיכטע. נאָר וואָס אָנבאַלאַנגט קאסטאָפן, איז ער געווען איינער פון די וועלכע זיינען געשטאַנען אין יענעם קאַמף צוזאַמען מיט מאַקס פּיין, האָבן אים דערמוטיקט און געמאַכט מעגלעך, אז די אידישע ארבעטער באוועגונג זאָל אָננעמען א פריינטלעכערע און סימפּאַטישערע שטעלונג צום אַרבעטער־ציוניזם. די געענדערטע שטעלונג האָט דערמעגלעכט די פּאַרשיידענע געלט־קאַמפּאַניעס, וואו הונדערטער טויזנטער דאָלאַר זיינען בייגעטראָגן געוואָרן פון די אַמעריקאַנער אידישע אַרבעטער צו העלפן דאָס ארבעטענדע ארץ ישראל. דורך דער ברידערלעכער הילף פון דער אידישער ארבעטערשאפט אין אמעריקע, איז די הסתדרות געוואָרן דער מעכטיקער איינפלוס אין דעם לעבן פון די אידן אין פּאלעסטינע. און אין אָט דער גרויסער היסטאָרישער דערגרייכונג האָט מאיר קאסטאָף פיל בייגעטראָגן, פיל געהאָלפן.

קאסטאָף האָט א סך געטאָן צו העלפן דער הסתדרות, צו שטעלן אויף די פיס דעם „דבר“. ער האָט זייער ערנסט און ענטוזיאַסטיש דורכגעפירט די אַקציע צו שאַפן זעץ־ און דרוק־מאַשינען פאַר דער טעגלעכער צייטונג פון די אָרגאַניזירטע אידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע.

ווען קאַסטאָף איז לעצטן יאָר צוריקגעקומען פון זיין באַזוך אין פּאַלעסטינע, האָט ער ביי אַ יוניאָן־מיטינג אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע פון דעם דרוקער־פאַך אין פּאַלעסטינע. דער באַריכט איז געווען אַ גענויער, ניט קיין אויבערפלעכלעכער. ער האָט געגעבן אַ בילד פון דער אינדוסטריע, פון אירע טוער, פון זייערע עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ווי אלעס וואָס קאסטאָף טוט, האָט ער אין די עטלעכע וואָכן, וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין פּאַלעסטינע, גרינטלעך אונטערזוכט דעם ענין, און אָפּגעגעבן אַזאַ העכסט־אינטערעסאַנטן און פולשטענדיקן באַריכט.

קאַסטאָף איז אַן איבערגעגעבענער יוניאָן־מאַן. אין דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, דינט ער געטריי און איבערגעגעבן דער יוניאָן, ווי אויך דער אַלגעמיינער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

לאָמיר ווינשען דעם יובילאַר נאָך לאַנגע יאָרן פון נוצלעכער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, — זיין יוגנטלעכער דינאַמישער ענטוזיאַזם זאָל ניט געמינדערט ווערן, און ער זאָל ווייטער מיט דער זעלבער ענערגיע פאָרזעצן זיין פרוכטבאַרע ארבעט פאר דער אידישער־נאַציאָנאַלער און אַרבעטער־באַוועגונג.

ב. סמאָל

# פון אַ יוגנט־פריינט

מאיר קאַסטאָף און איך, זיינען זייער נאָענטע חברים שוין אריבער פערציק יאָר. די חבר׳שאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אין אונדזער געבורט־שטאָט, פּאָלאָצק, פון דער חדר־ און ישיבה־פּעריאָדע, און ציט זיך פאַר דער גאַנצער צייט דורך פּאָלאָצק, ווילנע, מאָנטרעאַל און ניו יאָרק.

אין די קינדער־יאָרן האָט אונדזער חבר׳שאַפט געהאַט דעם חן פון אויפריכטיקייט און אינטימקייט, און וואָס עלטער מיר זיינען געוואָרן האָט זיך די חבר׳שאַפט פאַרגרעסערט, הגם מיר האָבן שוין געוואָלט איינער דעם אַנדערן באַאיינפלוסן.

צו פופצן יאָר זיינען מיר ביידע געווען אָנגעשלאָסן אין אַ ציוניסטישן יוגענט־פאַראיין, אָבער מיט דער אַנטשטייאונג פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג בין איך געוואָרן אַן „ס. ס“.׳אָווער, און קאַסטאָף איז פאַרבליבן אַ פּועל־ציוניסט. דאָס איז אָבער ניט געווען קיין שטער צו אונדזער פריינדשאַפט; פאַרקערט, — ס׳האָט נאָך ביז אַ געוויסן גראַד געמאַכט די חבר׳שאַפט אינטערעסאַנטער.

מיין חבר, מאיר קאַסטאָף, האָט פון זיין פריער יוגנט אָן אַרויסגעוויזן אַ סך ענערגיע, געוואַגטקייט, אונטערנעמונגס־פייאיקייט און אָפּטמאָל געהאַט „גרויסע השגות“. איך, פאַרקערט, בין געווען צוריקגעהאַלטן און בין כמעט שטענדיק געווען „אויף צרות“. און שוין פון מיין פריער יוגנט אָן האָב איך פאַרזוכט אין אַ גרויסער מאָס פון קאַסטאָפ׳ס גוט־ברודערשאַפט.

עס געדענקט זיך:

איך בין דאַן געווען שוין „אַ בחור אין די יאָרן“, ס׳איז געווען ערב פסח. מיינע עלטערן זיינען געווען זייער אָרים. האָב איך אין אַ בריף צו מאיר׳ן (וועלכער איז דאַן געווען אין פּעטערבורג), פאַרטרויט אים דעם סוד, אַז איך גיי פשוט אַרום אָפּגעריסן. אין עטליכע טעג שפּעטער האָב איך פון אים געקראָגן געלט און פאַרפּוצט זיך אין מיין ערשטן נייעם גאַרניטור...

עס געדענקט זיך:

אין אָנהויב פון יאָר 1906 האָבן אין ווילנע אָנגעהויבן דערשיינען צוויי טעגלעכע אידישע צייטונגען: דער בונדיסטישער „וועקער“ (שפּעטער: „פאָלקס־צייטונג“) און די „צייט“, אַ אידישע אויפלאַגע פונ׳ם „הזמן“. חוץ דעם זיינען דעמאָלט דערשינען דריי וועכנטלעכע אידישע צייטונגען: „דער נייער וועג“ (אָרגאַן פון ס. ס.), „דאָס אידישע פאָלק“ (פון די רוסישע אַלגעמיינע ציוניסטן) און „די פאָלקס־שטימע“ (פון די פּועלי ציון־„סיימיסטען“).

גלייכצייטיק זיינען אויך דערשינען אַ סך אידישע ביכער און בראָשורן.

אין דעם אידישן זעצער־פאַך איז געוואָרן „ביזי“.

נאָר אויב די „קאָנסטיטוציע פון 1905“ האָט געבראַכט „פּראָספּעריטי“ אין דער לעגאַלער צייטונגס־אינדוסטריע, האָט עס אָבער, פון דער צווייטער זייט, אַרויסגערופן אַ „סלעק“ אין די אומלעגאַלע דרוקערייען. דער דורכגע־פאַלענער גענעראַל־סטרייק אין דעצעמבער, 1905, האָט פאַרשטאַרקט די רע־אַקציע, און ס׳איז געוואָרן אוממעגלעך צו דרוקן און פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע ליטעראַטור.

קאַסטאָף און איך זיינען, אַזוי אַרום, אַרויסגעפאַלן פון „אונדזערע“ אומ־לעגאַלע דרוקערייען און מיר האָבן גענומען זוכן אַרבעט אין לעגאַלע דרוקערייען.

גלייך, ווי די „צייט“ האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען איז קאַסטאָף אַוועק־געפאָרען קיין ווילנע, און מיט זיין „סטאַזש“ אַלס זעצער פון „פריינד“ האָט ער געקראָגן אַרבעט. איך האָב געקראָגן אַרבעט אין האָמעל, מאָהילעווער גובערניע, אויף דער טעגלעכער רוסישער צייטונג „טרוד“ (אַרויסגעגעבן פונ׳ם דרום־קאָמי־טעט פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער פּאַרטיי), וועלכע איז נאָך 40 נומערן אָפּגעשטעלט געוואָרן, און אַזוי שנעל ווי איך האָב געקראָגן געלט אויף אַ באַן־בילעט בין איך אויך אַוועק קיין ווילנע.

פאַר דער קורצער צייט, וואָס קאַסטאָף האָט שוין דאַן געהאַט געאַרבעט אין ראָמ׳ס דרוקעריי, אויף דער „צייט“, איז ער דאָרט געוואָרן גאַנץ פּאָפּולער, און ווען ער האָט מיך רעקאָמענדירט צום „שאַפּ־טשערמאַן“, גרשון גליזער, אַלס זיינעם אַ חבר, האָט מען מיך חבר׳יש אויפגענומען.

עס געדענקט זיך:

איך בין געווען אַרבעטסלאָז. כ׳האָב ניט געקאָנט לענגער פאַרבלייבן אין ווילנע. האָב איך צו מאיר׳ן וועגן דעם געשריבן קיין אַמעריקע, און הגם ער איז נאָך דאַן אַליין געווען אַ „גרינער“ אין ניו יאָרק, אָבער ס׳האָט לאַנג ניט גע־דויערט און כ׳האָב פון אים געקראָגן צוגעשיקט אַ שיפסקאַרטע...

עס געדענקט זיך:

ערב קריסטמעס נאַכט, אין 1907, אויף אַ טאָראָנטער וואָגזאַל. מיין פאַרמעגן איז דעמאָלט באַשטאַנען פון אַ 20 סענט. איך האָב פאַר אַזאַ סומע ניט געקאָנט קריגן קיין „האָטעל“ אין טאָראָנטאָ, באַשלים איך איבערצונעכטיקן אינ׳ם וואָגזאַל. אַ קאַנאַדישער פּאָליסמאַן וויל מיך אַרעסטירן אַלס „טרעמפּ“. דערצייל איך אים אַ „האַרד לאָק סטאָרי“, און זאָג אים, אַז ער זאָל טעלע־גראַפירן צו קאַסטאָפ׳ן אין מאָנטרעאָל — און כך הוה: אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך פון מאיר׳ן דערהאַלטן באַן־געלט און איך בין געקומען אין מאָנטרעאַל...

מאיר און זיין פרוי, ענה, האָבן דאַן געוואוינט אין אַ קליינער דירה. ער האָט ניט געהאַט קיין געלט צו דינגען פאַר מיר אַ צימער. האָבן זיי מיך אַריינ־גענומען צו זיך, און ער האָט שוין געזען, אַז איך זאָל קריגן אַרבעט אינ׳ם „קע־נעדער אַדלער“...

* * *

די שיינע מידה פון טאָן אַ טובה אַ חבר, אַרויסהעלפן אַ פריינט אין נויט,

זיך משתדל זיין פאר א באקאנטן — גייט דורך ווי א רויטער פאָדים אין קאסטאָפ׳ס לעבן.

קאסטאָף האָט געהאט אַ גינסטיקע סביבה, אַן אידעאַלע אַטמאָספערע צו אַנטוויקלען אין זיך אָט די דאָזיקע אידעאַליסטישע אייגנשאַפטן.

אונדזערע טאַטעס — אָרימע אידישע באַלמעלאָכעס — זיינען געווען פאַנאַטישע חסידים, חב״ד׳ניקעס. זייער זין פון לעבן, זייער ענטפער אויף אַלע צרות, זייער גאַנצע לעבנס־פילאָזאָפיע איז געווען פאַרקערפּערט אין דריי הויפּט־יסודות: „אמונה“ — פאַטאַליזם, „בטחון“ — אָפּטימיזם, און „עבודה“ — לערנען, דאַווענען, זינגען און באַגייסטערן זיך.

ווי אָרים מען איז געווען, האָט זיך ניט געפילט קיין דערשלאָגנקייט, ווי ביטער די ווירקלעכקייט איז ניט געווען, איז מען געווען פול מיט האָפענונג, און זיי האָבן טאַקע הנאה געהאט פונ׳ם לערנען, פונ׳ם זינגען און פון הערן אַ שאַרפן חסידישן „זאָגן“...

אָט דאָס איז געווען די היימישע גייסטיקע סביבה קאַסטאָפ׳ס. דאָ האָט מען הויך געשעצט גוטע מידות, דאָ האָט מען מבטל געמאַכט אַלע גראָבע הנאות פון לעבן, דאָ איז אידעאַליזם געווען די הויפּט־זאַך.

* * *

אָבער אין קעגנזאַץ צו דער אידעאַלער היים־סביבה, פון זיינע יוגנט־יאָרן; להיפּוך צו דער שטורעם־און־דראַנג־פּעריאָדע פון „1905“, פון זיינע בחור׳ישע יאָרן, איז קאַסטאָפ׳ן אויסגעקומען שפּעטער צו לעבן אינ׳ם צו־פּראַקטישן, פאַרביזנעוועטן ניו יאָרק. ער האָט אַ סך יאָרן געוואוינט אין בראָנזוויל און אים איז אויסגעקומען צו לעבן דאָרט אין דער צייט פון צווייטן בראָנזווילער „בום“ און פון דער אַלגעמיינער אַזוי־גערופענער „פּראָספּעריטי“, און די אַט־מאָספערע האָט טיילווייז אויך אויסגעאיבט איר איינפלוס אויף קאַסטאָפ׳ן אין די שפּעטערע יאָרן.

די רעוואָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין הינטערגרונט און אין פאָדערגרונט איז אַרויסגערוקט געוואָרן די אידישע־נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע באַוועגונג, אין וועלכער קאַסטאָף האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט׳ן אַמאָליקן ברען. און אַזוי איז ער איצט מיט לייב און לעבן פּאַרטאָן אין פּאַלעסטינע, אין דער געווערקשאַפטן קאַמפּאַניע. און אין אַלע אַנדערע נאַציאָ־נאַליסטישע, אָדער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען.

דאָ צעגייען מיר זיך זייער ווייט. דאָ געפינען מיר זיך ווידער אַמאָל אין צוויי באַזונדערע לאַגערן...

* * *

אָבער איצט איז ביי אונדז אַ יום טוב. איצט פייערן מיר אונדזער חבר קאַסטאָפ׳ס פופציק יאָריקן געבורטסטאָג, און צו דער געלעגנהייט ווינטש איך אים, זיין פרוי, זייערע קינדער און איייניקל, גליק און דערפאָלג, און לאָמיר האָפן, אַז צו זיין 75 יאָריקן געבורטסטאָג, וועלן מיר, זיינע חברים און פריינט, זיך ווייטער צוזאַמענקומען און אויף אַ גרעסערן אופן פייערן דעם יום טוב.

מ. סאַוויצקי

# אַ וואָרט פון אַ חבר און פריינט

יעדע באַוועגונג נויטיקט זיך אין גוטע איבערגעגעבענע סאָלדאַטן און אַ פאַרהעלטניסמעסיק יונגע באַוועגונג, ווי די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע, נויטיקט זיך אין זיי אודאי און אודאי. איז חבר קאַסטאָף איינער פון אָט די דאָזיקע געטרייע, איבערגעגעבענע סאָלדאַטן. הלואי וואָלטן געווען אַ סך אַזעלכע קאַסטאָפס!

מאיר קאַסטאָף איז אַ גוטער חבר און אַן אמת־טרייער, איבערגעגעבענער פריינט. אַלגעמיין באַוואוסט איז ער אָבער מער געזעלשאַפטלעך, ווייל געזעלשאַפטלעך איז חבר קאַסטאָף כמעט אַן „אינסטיטוציע“ פאַר זיך.

אַרבייטענדיק צוזאַמען מיט אים אינם „דבר־דרוקעריי קאַמפּיין־קאָמיטעט“, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו באַוואונדערן קאַסטאָפס אויסערגעוועגלעך־יוגנטלעכע ענערגיע, זיין צודרינגלעכקייט, זיין עקשנות צו באַקעמפן אַלע שטערונגן אום צו דערגרייכן דעם ציל, צו וועלכן ער האָט געשטרעבט. מיט זיין יוגנטלעכער ענערגיע, מיט זיין פיבערישער טעטיקייט האָט ער אַ סך אַנדערע אָנגערעגט צו פאַרשיידענע טעטיקייט.

ביי געלט־זאַמלונגען פאַר אידישע, אָדער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע צוועקן, איז חבר קאַסטאָף אומפאַרגלייכבאַר. חבר קאַסטאָפן קען מען ניט אָפּזאָגן. קאַסטאָפן קען מען ניט אָפּ׳פטר׳ן מיט שיהע־פיהע: ער פאַרשטייט וויפיל יענער קען און דאַרף געבן, און מיט ווייניקער וועט ער זיך ניט באַגנוגנען.

„איך וועל צו אייך שיקן קאַסטאָפן!“ איז געווען ביי מיר אַ גוטער מיטל אַרויסצוקריגן ביי אייניקע פון אונדזערע קאָלעגן עטלעכע דאָלער פאַרן „דבר“. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז אויב קאַסטאָף וועט קומען, וועט עס זיי טייערער קאָסטן. אים וועלן זיי ניט קענען אָפּ׳פטר׳ן מיט אַבי־וואָס...

חבר קאַסטאָף האָט כשר פאַרדינט באַגריסט צו ווערן צו זיין פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג אויף אַזאַ אָריגינעלן אופן.

מיר ווינטשן אים דערפאַר, נאָך פיל, פיל יאָרן פון פרוכטבאַרער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אין גוטן געזונט און פיל נחת פון זיין פאַמיליע.

הבר און הברה מאַקס סאַוויצקי.

ש. ווינער

# אַ וואַרעם וואָרט פון אַ חבר אין שאַפ

נאָכדעם ווי מיר איז אויסגעקומען אַדורכצוליייענען כמעט אַלץ, וואָס סע גייט אַריין אין אָט דעם ביכל לכבוד ח׳ קאַסטאָפּס פופציק יעריקן געבוירנטאָג (אויסהעלפנדיק אין דער קאָרעקטור), געפין איך מיך איצט אין דער לאַגע פון יענעם אומגעניטן רעדנער, וואָס קריגט אומגעריכט דאָס וואָרט, נאָכדעם ווי געניטע רעדנער האָבן שוין אָפּגערעדט און אויף טעלערלעך צעלייגט די אַלע מעלות טובות פון דעם, פאַר וועמענס כבוד־וועגן מע פּראַוועט דעם יום טוב.

איז טאַקע, ווי זאָגט מען עס, אַביסל פּריקרע. אָבער אָפּ׳פּטור׳ן מיט גאָרנישט איז דאָך עפּעס נישט שייך.

* * *

קענענדיג קאַסטאָפּן שוין העכער צוואַנציק יאָר — זיבעצען יאָר אַרבעטן מיר אינאיינעם, אין „טאָג“ — וויל איך עדות זאָגן, אַז אודאי האָט ער כשר פאַרדינט די שבחים, וואָס אָט די איינגעזאַמעלטע עדה שריפטשטעלער, אַר־בעטער־פירער און כלל טוער, פריינט און חברים טראָגן אים דאָ אונטער.

קען אָבער אינעם כאָר, וואָס גלאָריפיצירט זיין אַקטיוויטעט אין יענע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, פאַר וועלכע ער האָט באמת היפּשע פאַרדינסטן, מיין קול נישט מיטקלינגען. איז עס פאַר קאַסטאָפּן קיין סוד נישט. גייען מיר זיך דאָך אידעיש אַזוי ווייט פאַנאַנדער, און — בלייבן גוטע־פריינט און חברים. (איז עס אגב קאַסטאָפּס טבע תמיד זיך איינצוקויפן גוטע־פריינט, און וואָס מער אַלץ בעסער, אָבער אָפּט — אויך פיינד).

ווען אָבער סע קומט צו רייד וועגן זיין אַקטיוויטעט אין אונדזער זעצער־יוניאָן איז געוויס שאַץ איך דעמאָלט אָפּ די ערנסטע פאַרדינסטן זיינע פאַר דער יוניאָן, סיי ווי אַ באַאַמטער, און סיי ווי אַ „רענק און פיילער“.

* * *

רעדט זיך דאָ אויך וועגן קאַסטאָפּס ערנסטער און פיינער באַציאונג צום אידישן געדרוקטן וואָרט, אַז ער פערזאָניפיצירט מיט זיך דעם אַמאָליקן „בחור הזעצער“ פאַר עקסעלאַנס. וועט דערביי כדאי זיין צו דערמאָנען, אַז ער האָט דעם פאַרדינסט צו זיין דאָ דער ערשטער, דאַכט זיך, אויפצוהייבן אין דער עפנטלעכקייט די פראַגע וועגן אַן איינהייטלעכער אויסלייגעכץ (אין יאָר 1912 נאָך, אין דער „צוקונפט“). און אַזוי שוין עטלעכע־און־צוואַנציק יאָר ווי קאַסטאָף וועקט און מאָנט, אַז אַ שטיקל טאָלק זאָל אַריינגעבראַכט ווערן אין דער כאַאָטישקייט פון דער היגער אידישער אָרטאָגראַפיע.

נו, בלייבט ער טאַקע ביז היינט ביים מאָנען און וועקן. נאָכמער, ווערט דער תוהו־ובוהו מיט די יאָרן אַלץ גרעסער. היינט איז דער זעצער אינגאַנצן שוין מבולבל פון די כל המינים אויסלייגעכצן, מיט וועלכע סע קומט אים אויס זיך צו ראַנגלען. שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס אַ שפּראַך ווערט אַזוינאָך פּשוט דעגראַדירט, איז אָט אַזאַ צושטאַנד אַ קללה ממש פאַרן זעצער און קאָרעקטאָר.

און דאָך — איז שוין טאַקע גאָר נישטאָ קיין רפואה צו אָט דער מכה?

זעען מיר, ווי אינעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, לייזט מען יאָ אָט דאָס פּראָבלעם, וואָס פּלאָגט אונדז דאָ אַזוי. וועט בלויז אונטער אַן אַרבעטער מלוכה, אויך דאָ די אידישע שפּראַך און קולטור, באַגלייך מיט די שפּראַכן און קולטורן פון די רעשט מינאָריטעט פעלקער, גלייכגעשטעלט ווערן מיט דער הערשנדיקער — וועלן מיר דעמאָלט במילא האָבן יענע אינסטאַנץ, וואָס וועט מיטן כח פון איר אויטאָריטעט קענען אוניפיצירן און רעגולירן די אידישע אָרטאָגראַפיע.

* * *

האָב געלייענט קאַסטאָפּס יוגנט־זכרונות. אַ פיינער ביישטייער צו דער מעמואַרן־ליטעראַטור וועגן דעם דור וואָס האַלט שוין ביים אָפּגיין. אַ שאָד נאָר וואָס דאָס פּלאַץ דאָ דערלויבט נישט זיך אָפּצושטעלן באריכות אויף אָט די אינטערעסאַנטע זכרונות. וועל אָבער רעפלעקטירן איין עפּיזאָד אין זיין רעוואָלוציאָנערער יוגנט, וואָס האָט מיך אַזוי אימפּאָנירט. און דאָס איז קאַסטאָפּס באַטייליקן זיך אינעם היסטאָרישן ניינטן יאַנואַר, 1905, וואָס איז געווען דער פּרעלוד צו דער אָקטאָבער רעוואָלוציע — די רעוואָלוציע, וואָס האָט עטאַבלירט די ערשטע אַרבעטער מלוכה אין דער וועלט, און צום ערשטן מאָל אין דער מענטשלעכער געשיכטע אויסגעוואָרצלט ביזן יסוד די עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש; וואו מיליאָנען און מיליאָנען דערנידעריקטע און באַליידיקטע זיינען אויפגעריכט געוואָרן צו אַ חשובער מענטשלעכער עקזיסטענץ. פון אַ „תפיסה פאַר פעלקער“ האָט זיך דאָס גרויסע לאַנד פאַרוואַנדלט אין אַ ברידערלעכער פאַראייניקונג פון באַפרייטע פעלקער, וואָס בויען זייערע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליקן (די זיך־בויענדיקע אידישע סאָציאַליסטישע סאָוועטישע רעפּובליק אויפן ווייטן מזרח—צווישן זיי); וואו טריאומפירנדיקער סאָציאַליזם אויף אַ זעקסט־חלק פון דער ערד, שאַפט די מעגלעכקייטן פאַרן אויפבלי פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און פון זיינע פעאיקייטן, צוליב זיין נצחון איבער די נאַטור־כוחות, צוליבן גרויסן גליק צו לעבן אויף דער ערד, און גרייט צו די באַדינגונגען פאַר אַ פאַראייניקטער מענטשהייט אין איין גרויסער גליקלעכער משפּחה.

* * *

ניינציק

וועל איצט ענדיקן מיט אַ האַרצלעכן גרוס און בעסטע וואונטשן חבר קאַסטאָפּן, און זיין פרוי און קינדער, צו זיין פופציקסטן יאָר. זייט געזונט, און לעבט נאָך לאַנגע יאָרן פול מיט אַקטיוויטעט פאַר אַ שענערער וועלט!

ב. י. פערלמוטער

# דאָ, דאָרט און אומעטום...

ווען מ׳זאָל מיך פרעגן, וואָס איז א זעצערס „ענערגיע?“ וואָלט איך גלייך געענטפערט: — „חבר מאיר קאסטאָף“.

חבר מאיר קאסטאָף האָט קיינמאָל קיין צייט ניט, שטענדיק דאַרף ער עפּעס אָניאָגן, עפּעס דערכאַפּן, און צו דערכאַפּן איז דאָ אזוי פיל: א באַנקעט, א פארזאמלונג, אן עקזעקוטיוו מיטינג, א לעקציע, א גרוס, א שיף נאָך ארץ ישראל, א שיף פון ארץ ישראל — און אויף אלץ איז אזא געדרעטעניש.

חבר קאסטאָף איז דאָ, חבר קאסטאָף איז דאָרט, חבר קאסטאָף איז דאָ אומעטום.

חבר קאסטאָף קומט ניט נאָר הערן און זען, נאָר ער לייגט אויך צו א האַנט, העלפט אַליין און מאַכט אויך אַנדערע צו העלפן. ווען חבר קאַסטאָף באַווייזט זיך אין א הויז, שטויסט מען זיך שוין אָן, אז מסתמא איז ער ניט געקומען גלאַט אזוי . . .

באַגעגנט חבר קאסטאָף אמאָל א ווידערשטאַנד אָדער געגנערשאַפט — צעשפּילט זיך ערשט איצט ביי אים די ענערגיע, אויף צו להכעיס דעם „שונא“.

ארץ ישראל — דאָס איז דער תוך און דער עיקר. דאָס איז אין זיין בלוט. דאָס זיינען זיינע פליגלען, מיט ארץ ישראל אָטעמט ער.

זייענדיק טעטיק אין אַקציעס, וועלכע האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות מיט ארץ ישראל, זיינען זיי ביי אים ניט מער ווי א מיטל צו דערנענטערן זיי פאַר ארץ ישראל . . .

חבר קאסטאָף איז א מיטגליד און אַן אויפבויער פון פארשיידענע אינסטיטוציעס, אָבער איך גלויב קוים צי ביי חבר קאַסטאָפ׳ן פאַרנעמען די אַנדערע אינסטיטוציעס מער ליבע און אינטערעס ווי י. ל. פּרץ בר. 83 א. נ. א. פּ.

חבר קאסטאָף איז געווען דער ערשטער צו גרינדען א „טרייד ברענטש“ אין איד. נאַצ. ארב. פארבאַנד. אליין א זעצער, האָט ער געגרינדעט א „זעצער ברענטש“, און ער פילט זיך געהויבן, וואָס ער איז געווען דער ערשטער צו גרינדן א „טרייד־ברענטש“ פאַר וועלכע דער איד. נאַצ. ארב. פאַרבאַנד גיט איצט אוועק אזוי פיל כחות, כדי אַזעלכע ברענטשעס צו גרינדן אין אנדערע טריידס.

חבר קאסטאָף איז טעטיק אויף אלע פראָנטן, אָבער פון דעם „ברענטש“ נעמט ער קיינמאָל ניט אראָפּ זיין אויג. דאָס איז זיין ליבלינג, און ניט איין מאָל האָט טאַקע דערפאַר דער ברענטש אויסגעדריקט זיין אַנערקענונג און אָפּשאַצונג צו חבר קאַסטאָף.

איך ווינטש אים, ביי דער געלעגנהייט, — יאָרן און יאָרן, וועלכע זאָלן אים געבן דעם זעלבן יוגנט כח, אימפּעט און פרייד אין זיין ארבעט.

י. יאַקובאָוויטש

# מאיר קאַסטאָף — פופציק יאָר יונג

פופציק יאָר איז א וויכטיקער אָפּשניט אין דעם לעבן פון א מענטשן. פופציק יאָר איז דער מילשטיין אין דעם לעבן פון איינעם, ווען ער קומט אריין אין דער קאטעגאָריע פון די, מיט וועלכע מען קען זיך שוין שואל־עצה זיין. דער מענטש ווערט דאן געזעצטער, קעלטער, באנעמט זאכן מער אָביעקטיוו; זיינע פארלאנגען ווערן באשרענקטער, זיין אקטיוויטעט — איינגעשרומפן.

צו פופציק יאָר, ווען מען קוקט צוריק אויף דעם וועג פון לעבן, וואָס מען איז שוין דורכגעגאנגען, באטראכט מען די אימפולסן פון יוגנט אָפט מיט חרטה. מ'טראכט, אז וואָלט מען איצט באדארפט דורכמאכן דעם זעלבן וועג פון אָנהויב אָן, וואָלט מען געגאנגען מיט א מער מיושב'דיגן, קליגערן און אויסגערעכנטן טריט.

חבר קאסטאָף אָבער, גלויב איך, דארף אויף זיין שוין אָפּגעגאנגענעם וועג ניט קוקן מיט חרטה. זיינע אקטיוויטעטן האָט ער כמעט תמיד אָנגעווענדט אויף נוצלעכע צוועקן. זיי האָבן צופרידנגעשטעלט די אינסטיטוציעס, פאר וועלכע ער איז געווען טעטיק, און אויך ער אליין האָט געשעפּט צופרידנקייט פון זיין טעטיקייט. אויף דעם זאָגן עדות דער אימפעט און די איבערגעבנקייט, מיט וועלכע ער טוט זיין ארבעט.

כאָטש פופציק יאָר, איז חבר קאסטאָף דאָך פארבליבן יונג. זיין יוגנט־לעכער פייער איז ניט פארמינערט געוואָרן: זיינע אקטיוויטעטן, אָפט אימ־פולסיוו, האָבן נאָך ניט פארלאָרן זייער יוגנטלעכן אימפעט; זיינע אפעטיטן צעוואקסן זיך מיט'ן גאנג פון לעבן.

זאָל חבר קאסטאָף פארבלייבן יונג. זאָל ער אויך ווייטער זיך מאכן נוצ־לעך פאר יענע צוועקן, וועלכע זיינען אים ליב און טייער. ווייל אָט־די טעטיק־קייט וועט אויפהאלטן זיין יוגנט און ברענגען אים די צופרידנקייט, וועלכע ער זוכט.

מ. ליבמאַן

# אַלטע זכרונות און אַ באַגריסונג

דורך אַ זעלטענעם צופֿאַל, וואָס איך האָב געענטפֿערט די אַנקעטע פֿאַרן זעצערשן „לעקסיקאָן“, און דערנאָך זיך געטראָפֿן מיט פֿריינט מאיר קאַסטאָף, האָט ער פֿאַר מיר אויפֿגעבלעטערט די אינטערעסאַנטע זכרונות פֿון אונזער ביידנס יוגנט, פֿון אונזערע בליענדע יאָרן, פֿון פּעטערבורג אין 1905 ביז ניו יאָרק אין 1935. אין פּעטערבורג זיינען מיר געשטאַנען צוזאַמען אין קאַמף פֿאַר דער זעלבער זאַך — פּטור צו ווערן פֿונם צאַרישן רעזשים, פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿון די אונטערדריקטע און רעכטלאָזע, אפֿילו אין צוויי באַזונדערע לאַגערן, אָבער דאָך פֿאַר דעמזעלבן צוועק... ער, קאַסטאָף, אונטער גראַטעס אין „פּרעדוואַריטעלני זאַקליוטשעניע“, און איך אונטער גראַטעס אין „פּערעסילנאַיאַ טורמאַ“, אומגעפֿער אין די זעלבע „פּאַלאַצן“. אָבער נאָכדעם ווי מיר זיינען געווען געצוואונגען צו זוכן אַביסל פֿרייערע וואוינונגען, האָט אונדז דער שיקזאַל ווייטער צוזאַמענגעבראַכט אין ניו יאָרק, אין 1907, אין דער אידישער שריפֿטזעצער יוניאָן, לאָקאַל 83. ער, קאַסטאָף, פֿאַרבלייבט מיט זיין אידעאַל פֿאַר דער אַרבעטער באַוועגונג, און איך קער זיך אָפּ צו דער ביזנעס־וועלט. אָבער נאָך אַ צווייטן אָפּשייד פֿון אַ גאַנצן פֿערטל יאָרהונדערט — קומט אַ צופֿאַל און ברענגט אונדז ווידער צוזאַמען דורך מיינע „בחור הזעצערשע זכרונות“ וואָס איך האָב צוגעשיקט פֿאַרן לעקסיקאָן.

די אַלע איבערלעבונגען פֿון מיין יוגנט זיינען פֿאַר מיר דורכגעלאָפֿן ווי אַ קאָשמאַר, אָבער ער, פֿריינט קאַסטאָף, איז פֿאַרבליבן אויף זיין פּאָסטן ווי אַ געטרייער סאָלדאַט, און ריידענדיק מיט אים וועגן זיינע עראינערונגען ביז דער לעצטער צייט, זע איך, דאָס זיין יוגנטלעכער גייסט און ענערגיע איז פֿון אים ניט פֿאַרשוואונדן, און דער האַלבער יאָרהונדערט פֿון זיין לעבן איז פֿאָר־איבער אַלס אַ גאַנץ ברויזענדער און נוצלעכער פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, אַרבעטער־באַוועגונג און פֿאַרשיידענע גוטע קהל׳שע טעטיקייטן.

איך באַגריס האַרציק מיין פֿריינט און יוגנט־חבר, מאיר קאַסטאָף, צו זיין 50־יאָריקן יובילֵיי, און איך האָף, דאָס איך וועל דערלעבן און האָבן דעם כבוד אויך אים צו באַגריסן צו זיין 75־יאָריקן יובילֵיי. — איך ווינטש אים אויך, אַז ער זאָל אין גיכן אַרויסגעבן דעם לאַנג־געפּלאַנטן „בוך וועגן זעצער“ מיטן ביאָגראַפֿישן לעקסיקאָן, וואו איך האָף אויך, אַז איך וועל דאָרט געפֿינען פּלאַץ פֿאַר מיינע מעמואַרן...

מיט ברידערלעכן און פֿריינטלעכן גרוס,

מ. ליבמאַן, דזשוירזי סיטי.

## די שריפטזעצער-משפחה פון „טאָג״

באַגריסט קאָלעגע און חבר מאיר קאַסטאָף צו זיין 50־יאָריקן געבורטסטאָג אַלס איינעם פון דער שריפט־זעצער משפחה פון „טאָג״ און אַלס וויס־פּרעזידענט פון דער אידישער שריפט־זעצער יוניאָן, לאָקאַל 83, און ווינשט איהם לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער טעטיקייט אויפן טרייד־יוניאָניסטישן געביט און אויף אַלע אַנדערע גע־זעלשאַפטלעכע און פּראָ־גרעסיווע געביטן, וועלכע זיינען אים ליב און טייער און צו וועלכע ער ווידמעט זיין ענערגיע און אמתע איבערגעבנקייט.

מיט ברידערלעכן גרוס,

**יעקב יאַפּע**
טשערמאַן

**קאַרל קאָרנווייַן**
סעקרעטאַר

## באַגריסונג פון די מעכאַנישע דעפּאַרטמענטס פון „טאָג״

צו דער געלעגנהייט פון פריינט און ברודער מאיר קאַסטאָפס פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג, וואָס ווערט אויף אַזאַ אייגנאַרטיקן אופן געפייערט, דורך אַרויסגעבן אַ יובל־זאַמלבוך, ווינטשן מיר, די אַרבעטער פון די מעכאַנישע דעפּאַרטמענטס אין „טאָג״, — די פּרעסלייט, סטערעאָטייפּערס און מעילערס — וועלכע אַרבעטן מיט אים צוזאַמען פאַר די לעצטע 17 יאָר, עפּענטליך אויסצו־דריקן אים אונזער אַנערקענונג אלס גוטן פריינט און קאָלעגע. מיר האָפן, אַז ער וועט מיט דער זעלבער ענערגיע און איבערגעבנקייט פאָרטזעצן פאַר לאַנגע יאָרן זיינע נוצלעכע טעטיקייטן לטובת הכלל, סיי אויפן טרייד־יוניאָניסטישן און סיי אויף אַלע אַנדערע וויכטיקע געביטן.

מיט ברידערליכן גרוס,

פאָרשטייער פונם פּרעס־רום־דעפּאַרטמענט — **דזש. פינק.**

פאָרשטייער פונם סטערעאָטאַיפּ־דעפּאַרטמענט — **טש. פרידקין.**

פאָרשטייער פונם מעילינג־דעפּאַרטמענט — **דזש. בלאַט.**

ג. אַרקוס

# פון „יענע טעג״ אין ווילנע

חשובע חברים פונם „מאיר קאסטאָף יובילײ קאָמיטעט״: דערהאַלטנדיק אן אײנלאַדונג צו שרײַבן עפּעס וועגן מײַן יוגנט־פרײַנט און חבר, געפין איך זיך אין א מאָדנער פאַרלעגנהייט: עס ווילט זיך שרײַבען א סך וועגן יענער וואונדערלעכער צייט פון די יאָרן 1906־7, ווען די „סיים״־באַוועגונג איז געווען אין פולן גאַנג, און איך מיט קאסטאָפן האָבן צוזאַמען מיטגעאַרבעט פאַר דער דאָזיגער באַוועגונג.

אויף מײַן גורל איז דאַן אויסגעפאַלן צו טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַר פילע אַרבעטן. איך בין געווען דער „פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַק־טאָר״ פון דער „פאָלקס ־ שטימע״, וואָס האָט געמיינט, דער „זיץ״ ־ רעדאַק־טאָר . . . (פאַר סײַ־וועלכער עבירה צו דער שטרענגער צענזור, בין איך עס געווען גרייט צו „זיצן״ אין געפענגניש); א חוץ דעם בין איך נאָך אויך געווען דער אָנפירער פון דעם „באָיעוואָי אָטריאַד״, און מײַן אַרבעט איז געווען צוצוגרייטן אַלע נויטיקע זאַכן פאַר דער זעלבסטשוץ, ווײַל מען האָט זיך דאַן געריכט אויף פּאָגראָמען. אָבער די שווערערע און נאָך מער פאַר־אַנטוואָרטלעכערע אַרבעט מײַנע איז אין א געוויסער צייט געווען, צו באַזאָרגען אונדזער אומלעגאַלע דרוקערײַ מיט א „גוטער דירה״, שריפט, פּאַפּיר און אַנדערע נויטיקע מכשירים.

און איך דערמאָן מיך איצט, ווי חבר קאסטאָף איז צו אונדז דאַן גע־קומען פון בערדיטשעוו, און ער האָט זיך גלײַך גענומען צו דער אַרבעט מיט אן אויסערגעוויינלעכן ענטוזיאַזם און ברען. ער האָט גלײַך איבערגע־נומען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר „אונדזער דרוקערײַ״, וועלכע האָט זיך געפונען אין א קליין שטיבעל אויף א בוידעם, ערגעץ אין שניפּעשאָק. די אַרבעט דאָרט האָט כמעט אַלעמאָל געדאַרפט געטאָן ווערן בײַנאַכט. און איך געדענק, ווי אײנמאָל האָט עפּעס דורך א צופאַל זיך איבערגעקערט א לאָמפּ מיט קעראָסין אויף די שריפט און עס איז געוואָרן א שרפה . . . און איך קען יענעם מאָמענט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי קאסטאָף האָט אַרונטערגע־כאַפּט פון זיך די קליידער, אײַנצולעשן דאָס פײַער, און מיר האָבן דער־נאָך פאַרענדיקט מאַכן די נויטיקע פּראָקלאַמאַציע . . . עפּעס ווי דורך א נס זײַנען מיר יענע נאַכט ניט דערשטיקט אָדער פאַרברענט געוואָרן . . .

און איך דערמאָן מיך אויך וועגן דעם באַוואוסטן „סיים״־רעסטאָראַן, פון 10 רודניצקער גאַס, וואו די אַלמנה חוה לעווין מיט אירע טעכטער זײַנען געווען די אײגענטימערס. דער דאָזיגער רעסטאָראַן איז געווען באַוואוסט אַלס א מין פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פאַר פאַרשטייער פון די פאַרשיידענע אידישע פּאַרטייען, אָבער געהייסן האָט דער רעסטאָראַן „סיים״, ווײַל די הויפּט־אַרײַנגייער אהין זײַנען טאַקע געווען די „סיימאָווצעס״. ס׳איז ניט געווען

בלויז א רעסטאָראַן, נאָר אַן אמתע היים פאַר חברים און חברות, סיי פון ווילנע און סיי אויך פאַר די וואָס פלעגן קומען פון אנדערע שטעט, ס'איז געווען א מין צענטער, וואו יעדערער האָט זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים . . . דאָרטן האָט, אגב, חבר קאסטאָף טאקע אויך געפונען זיין לעבנס־באַגלייטערין, די איצטיקע חברה קאסטאָף, וועלכע האָט נאָך ביז היינטיקן טאָג פּרעזערווירט אירע פיינע אייגנשאַפטן, פונקט ווי די אַמאָליגע חברטע „עלקע לעווין, פון סיים" . . .

דערלויבט מיר איצט אַלס אַן אַלטער חבר און פריינט פון מאיר'ן מיט עלקע'ן, זיי האַרציק צו באַגריסן צו דער געלעגנהייט פון מאיר'ס פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג, און זאָלן מיר צוזאַמען פּראַווען ווייטערע שמחות און זיך פרייען ביי פאַסנדע געלעגנהייטן. מיט חבר'שאַפט,

נתן ארקוס (ארקוסקי) פון ווילנע,
איצט אין וואוסטער, מאסס.

## אַ באַגריסונג צו אַ ליבן חבר און האַרציקן פריינט
## צו מאיר קאַסטאָף — צו זיין 50טן געבורטסטאָג

אויך אַ גליקוואונטש צו חברה קאַסטאָף
און צו דער גאַנצער פאַמיליע

פון **סעם גאָרמאַן און פאַמיליע.**

## באַגריסונג פון אַן אַלטען חבר פון ווילנע

ווערטער פריינט מ. פישער, סעק. פון „מ. קאַסטאָף יובילײ־קאָמיטעט" :

איך האָב געזעהן אין צייטונג, אַז מען פייערט דעם פופציק־יאָריקן געבורטסטאָג פון חבר מאיר קאַסטאָף. דאָס איז מיינער אַן אַמאָליקער גוטער חבר און פריינט פון ווילנע. וויל איך זיך באַנוצן מיט דער געלעגנהייט און ווינטשן אים, ווי אויך זיין פרוי און די גאַנצע פאַמיליע א סך גליק צו זייער שמחה. אך, ווי עס בענקט זיך נאָך די אַמאָליגע שיינע יאָרן ! . . .

מיט גרוס און פריינטשאַפט, **ליפּע זאַלקינד**, גלאָווערסוויל, נ. י.

פון אַרבעטער־פירער,
געזעלשאַפטליכע טוער,
אינסטיטוציעס,
פריינט און חברים

צ. א. אריאל
נ. אַרקום
ש. בורשטיין
דר. ש. בערנשטיין
מאיר בראַון
פּ. גינגאָלד
דר. י. גראָסמאַן
א. העמלין
ד. ווערטהיים
מ. א. זעלדין
מ. ליבמאַן
א. מאיראָוויטש
מ. מאָשעוויצקי
מאָרים מכתם
דר. מרדכי סאָלטעס
ל. סיגאל
מאָרים פיינסטאָון
פּ. קרוזאָ
דר. מאיר ל. ראָזאָף
יוסף שלאָסבערג.

א. העמלין

# פון געווערקשאַפטן - קאַמפּיין

צו אונדזער איבערגעבענעם חבר און טרייען מיטארבעטער, מאיר קאסטאָף, גיבן מיר איבער די הארציקסטע ברכות.

זינט דער אנטשטייאונג פון געווערקשאפטן קאמפּיין אין 1923, ביזן היינטיקן טאָג, טרעפן מיר קאסטאָפן אימער ביי דער ארבעט. אין זיין לאָקאל־יוניאָן און פארבאנד־ברענטש, צווישן די מיטגלידער פון זיין פאך אָדער אלס דעלעגאט צו די פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן, האָט ער גוט אין זינען זיינע חברים־ארבעטער אין ארץ ישראל, ווערט ער ניט מיד צו דערציילן, צו אגיטירן און מאָנען; און נעמט ער זיך צו עפּעס, דאן מוז עס זיין א דערפאָלג, דאן מוזן קומען רעזולטאטן.

אין די היסטאָרישע דערגרייכונגען פון געווערקשאפטן־קאמפּיין איז דאָ א באזונדערס - שיינער קאפּיטעל, וועלכער הייסט: „מאַשינען פארן דבר". אין 1928 פאנגט מען אָןריידן וועגן א לײנאָטײפּ מאשין. אין 1929 ווערט עס פארווירקלעכט. מען מיינט, אז מען איז שוין פארטיג, אָבער עס הויבט זיך ניט אָן. אין 1930 רעדט מען וועגן א צווייטער לײנאָטײפּ מאשין, און ווייטער ווערט עס מקוים. און נאָכדעם אין 1932 — א פּרעס מאשין. ביז עס קומט דער יאָר 1935, ווען עס ווערט אָפּגעשיקט א מאָדערנע גרויסע דרוק־מאשין צוזאמען מיט א פולשטענדיקע סטערעאָטיפּ־אויסשטאטונג, וואָס האָט געקאָסט קרוב צו פופצען טויזנט דאָלער, — דאָס מאָל פולשטענדיג אָפּגעצאָלט דורכן „דבר" זעלבסט, אלס רעזולטאט פון זיין פארגרעסערטער צירקולאציע און אלגעמיינע געשעפטן. די ערשטע מאשינען זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אלס מתנות פון געווערקשאפטן קאמפּיין, די שריפטזעצער־יוניאָן און דעם ספּעציעלן „דבר" קאָמיטעט. אָבער ו ו ע ר האָט עס אלעמען צוגעטריבן, „געמוטשעט", ניט אָפּגעלאָזן? — ווידער אמאָל דער זעלבער חבר קאסטאָף!

אזוי ווי מיט די מאשינען, אזוי ביי יעדער אונטערנעמונג, ביי יעדער ווערטפולער אקטיוויטעט. די אידעע פון געווערקשאפטן־קאמפּיין מיינט פאר קאסטאָפן די אמתע און לאנג - געגארטע פארברידערונג פון דעם אידישן ארבעטער אין אמעריקע מיט זיין חבר און פּיאָנער אין ארץ ישראל.

עס איז דאָ בלויז איין וואונש צו זיין פופציק יאָריקן יובל און דאָס איז—להמשיך! פאָרטזעצן ווייטער די זעלבע אייגנשאפטן פון פרישקייט, ענערגיע און ארבעטסלוסט, ניט מיד ווערן און ניט אלט ווערן; אימער יונג און געטריי אויפן פּאָסטן, ביז אונדזערע שטרעבונגען וועלן ווערן א פולקאָמענע ווירקלעכקייט אין דעם אידישן־און ארבעטער־לעבן.

מיט אכטונג און חברשע גרוסן, א. העמלין,
נאציאָנאלער סעקרעטאר.

יוסף שלאָסבערג

# אַן אַרבעטער-טיפּ וועגן וועלכן איך האָב אַלעמאָל געחלומ׳ט

וועגן זיינע אַמאָליקע ארבעטן האָב איך זיך אָנגעהערט איבער חבר קאַסטאָפּ׳ן בלויז שבחים, און איך באַוואונדער אַלץ וואָס איך האָב געהערט וועגן אים. פּערזענלעך האָב איך זיך באַקענט מיט אים דאָ אין לאַנד, אין אונזער בשותפות׳דיקער טעטיקייט פאַר דער הסתדרות.

פון דעם ארבעטער־טיפּ וואָס קאַסטאָף שטעלט מיט זיך פאָר, האָב איך שטענדיק געחלומ׳ט. אָט דאָס איז דער טיפּ, וואָס די ארבעטער באַוועגונג איז מחויב צו באַשאַפן. און ווען ער וועט באַשאַפן ווערן; ווען אַזעלכע אינטעליגענטע, אידעאַליסטישע, און אין דעם שענסטן זין נוצלעכע ארבעטער, וועלן דורך דער באַוועגונג אַרויסגעבראַכט ווערן גרויס גענוג אין צאָל, וועט די באַפרייאונג פון דעם ארבעטער קלאַס מקוים ווערן.

איך זע אָפט קאַסטאָפ׳ן ביי געזעלשאַפטלעכע ארבעטן. זיין אינטערעס איז אַן אמת׳ער; זיין אינטעליגענץ, זיין פאַרשטענדעניש פאַר דער זאַך, אַ געזונטע און קאָנסטרוקטיווע; זיין ענטוזיאַזם, אַ לעבעדיקער און שאַפנדיקער.

יעדע באַוועגונג ברענגט אַרויס טוער און שאַפער לויט איר אייגענעם וועזן און אינהאַלט. די טרעגער פון אַ צדקה־באַוועגונג, למשל, האָבן אַנאַנדער באַציאונג צו עפנטלעכע זאַכן ווי עס האָבן טרעגער פון אַ קאַמף באַוועגונג. עס איז דאָס גרויסע פאַרדינסט פון דער הסתדרות, וואָס זי האָט אַרויסגעבראַכט, צוגעצויגן און אַנטוויקלט מענטשן, וואָס געהערן צום בעסטן מענטשן־מאַטעריאַל. דאָס איז איינע פון די גרויסע אויפטואונגען פון דער הסתדרות. אַלס אַ חבר אין דער הסתדרות־באַוועגונג בין איך שטאָלץ אויף דעם.

איך באַגריס חבר קאַסטאָפ׳ן צו זיין פופציקסטן געבורטסטאָג יום־טוב, און ווינש אים נאָך אַ סך יאָרן פון גרויסער נוצלעכקייט פאַר זיך אַליין און פאַר אונזער באַוועגונג.

מאָריס פיינסטאָון

# פופציק יאָר לעבן פון רייכן אינהאַלט

פייערע פריינט פונם „מאיר קאסטאָף יובילײ קאָמיטעט“:

מיט פארגעניגן שליס איך זיך אָן אין די רייען פון די צאָל־רייכע פריינט פון מאיר קאסטאָף און באגריס אים צו זיין פופציק יאָריקן געבורטסטאָג.

זיינע פופציק יאָר לעבן זיינען פון רייכן אינהאלט. פאר די לעצטע פינף און צוואנציק יאָר וואָס איך קען אים, האָב איך געהאט א געלעגנהייט נאָכצופאָלגן זיינע טעטיקייטן אין דער ארבעטער באוועגונג. די ארבעטער־זאך איז אלעמאָל געלעגן אים נאָענט צום הארצן. זייערע קעמפן, דערגריי־כונגען און זייער שטרעבן צו א גענצליכער באפרייאונג אלס א קלאס איז געווען זיין ציל. אלע ארבעטער אָן אונטערשייד פון ראסע, קאָליר און גלויבן האָבן אים טיף אינטערעסירט און פאר זייער זאך האָט ער געארבעט.

מאיר קאסטאָפס טעטיקייטן אין דער סאציאליסטיש־ציוניסטישער באַ־וועגונג האָט קלאָר באוויזן, ווי אלזייטיק און טיף זיין בליק איז אויף דעם מענטשליכן לעבן און שטרעבן. דער קאמף פאר אומאפהענגיקייט פון א פאָלק האָט אים ניט ווייניגער אינטערעסירט ווי דער קאמף פון די ארבעטער פאר א באפרייטן ארבעטער קלאס. זיין ארבעט פאר א באפרייטן אידישן פאָלק, פאר אן אומאפהענגיקן אידישן פאָלק, פאר א אידישער היימלאנד אין ארץ ישראל איז אומשעצבאר. מיט לייב און לעבן האָט ער זיך אריינ־געוואָרפן אויך אין דיזער ארבעט, דינענדיק אזוי־ארום ניט נאָר די אידישע ארבעטער־מאסן, נאָר אויך דעם גאנצן אידישן פאָלק.

איך באגריס מאיר קאסטאָף צו דיזער געלעגנהייט און ווינטש אים נאָך א סך יאָרן פון טעטיקייט. זאָל זיין צוקינפטיגע ארבעט זיין ניט ווע־ניקער פרוכטבאר ווי זי איז געווען אין דער פארגאנגענהייט.

מאָרים פיינסטאון,

סעקרעטער, פאראייניקטע אידישע געווערקשאפטן.

דר. ש. בערנשטיין

# אַ פֿאָלקסטימליכער דינער פֿון אונזערע אידעאַלן

צו דעם „מאיר קאסטאָף יובילײ־קאָמיטעט״:

איך בין אייך זייער דאַנקבאַר פֿאַר אייער מיטטיילונג וועגן דעם, אַז אַ גרופּע חברים און פֿריינט קלייבן זיך צו פֿייערן אויף אַ געהעריקן אופֿן דעם 50־יאָריקן געבורטסטאָג פֿון אונדזער פֿריינד און חבר מאיר קאָסטאָף. אייער קאָמיטעט פֿאַרדינט אמת'ע אָנערקענונג פֿאַר דער דאָזיקער איניציאַטיווע, ווייל איך גלויב, אַז חבר קאָסטאָף איז איינער פֿון די ווייניקע פֿאָלקסטימלעכע מענטשן און אידעאַליסטן, וועלכע פֿאַרדינען אַז די אידישע נאַציאָנאַלע עפֿנטלעכקייט זאָל זיי ערן ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט.

איך קען חבר קאָסטאָף פֿאַר פֿילע יאָרן און האָב שטענדיק וועגן אים א הויכע מיינונג. ער איז פֿאַר מיר דער מוסטער פֿון אַ העכערן מאָדערנעם אידן און מענטש, א פֿאָלקסטימלעכער טיפּ וועלכער רופֿט ביי אונדז אלעמען און אַלעמאָל אַרויס אָנגענעמע געפֿילן. אַ מענש פֿון געבוירענער אינטעליגענץ, אַ אידישע פּאַטריאָט אין הויכן און שיינעם זין פֿון וואָרט, האָט ער פֿאַרשטאַנען צו פֿאַראייניקן זיין פּערזענלעכן לעבן וואָס איז אָנגעפֿילט מיט שווערער אַרבעט און קאַמף פֿאַר דער מאַטעריעלער עקזיסטענץ מיט דער אַרבעט פֿאַר די שענסטע אידעאַלן פֿון אידנטום און מענטשלעכקייט. אין שאַפֿ, ווי ביי זיך אין דער היים, האָט ער עס פֿאַרשטאַנען צו געשטאַלטן זיין לעבן אזוי, אַז מען קען באמת זאָגן, אַז זיין היים און זיין פֿאַמיליען־לעבן קאָנען דינען אַלס אַ מוסטער פֿאַר דעם לעבן און דער פֿירונג פֿון יעדן אידישן אינטעליגענט.

הונדערט־און־איינס

אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע יאָרן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו קומען אין פּערזענלעכן קאָנטאַקט מיט זיין טעטיקייט אַלס ציוניסט און אידיש־נאַציאָנאַלער טוער. איך גלויב, אַז אויך אויף דעם געביט קען ער דינען אַלס

א ליכטיקן מוסטער פון דער ליבע צו זיין פאָלק און לאנד. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן מיט וואָס פאַר אַן איבערגעבנקייט ער האָט געזאַמלט געלט, כדי צו דערמעגלעכן דער טעגלעכער צייטונג „דבר" אין תל אביב זיך איינ־צושאַפן אַ לינאָטייפּ. אויף אַלע געביטן פון דער ארץ ישראל אויפבוי טעטיג־קייט האָב איך אים שטענדיק געזען אַלס אַן ענערגישן, אַקטיוון און איבערגע־בענעם דינער.

מאיר קאַסטאָף איז אַן אמת'ער פאָלקסטימלעכער דינער פון אונדזערע אידעאַלן. ער האָט דאָס אויך באַוויזן אין דער צוגרייטונג פון זיינע פּערזענ־לעכע פלענער און אין דעם שטרעבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער צוקונפט פון זיך אליין און זיין פאַמיליע. ער איז געווען פון די ערשטע ציוניסטן־אַרבעטער, וועלכע האָבן אָפּגעשפּאָרט ממש דעם ביסן פון מויל, כדי צו קומען אין באַזיץ פון אַ שטיקל באָדן אין ארץ ישראל, און אויך דאָ האָט ער באַוויזן די ערלעכ־קייט פון זיין אידעאַליזם און די גאַנצקייט פון זיין וועלט־אנשויאונג אין זיין פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן.

איך בעט אייך איבערצוגעבן חבר מאיר קאַסטאָף מיין האַרציקע באַגרי־סונג און מיין אויפריכטיקן וואונש, אַז עס זאָל אים זיין באַשערט נאָך אַ סך יאָרן פּאָרטזעצן זיין פּראָדוקטיוו און נוצלעך לעבן, געניסן צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער אין גליק די רעזולטאַטן פון זיין אַרבעט, און זוכה צו זיין צו דער פאַרווירקלעכונג פון די אַלע אידעאַלן, פאַר וועלכע ער האָט אָוועק־געגעבן די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן.

מיט גרויס דרך ארץ,

**דר. ש. בערנשטיין**

דירעקטאָר פּאַלעסטינע דעפּאַרטמענט
אַמעריקאַנער ציוניסטישע ארגאַניזאַציע.

מאיר בראַון (ירושלים)

# גליקוואונש פון חברים אין ארץ ישראל

מאיר, א גוטער חבר און פריינט ווערט פופציק יאָר אלט. וואָס קען מען אים זאָגן צו דער געלעגנהייט? אלט וועט ער ניט ווערן, דער חבר קאַסטאָף, אפילו ווען ער וועט פייערן זיין פינף און זיבעציג יאָריקן געבורטסטאָג. עפּעס איז ער גאָר ניט א איד אין יאָרן. צייטנווייז, דוכט זיך, אז ער קען פלוצלונג דיר אפּטאָן א אינגלשן שמד־שטיק, אַזוי רירעוודיק און לעבעדיק איז ער. אַלזאָ, איז פעסטגעשטעלט, אז מאיר קאַסטאָף ווערט פופציק יאָר י ו נ ג.

חבר מאיר קאַסטאָף איז כסדר פאַרליבט, און זאָל מיר חברה קאַסטאָף מוחל זיין, ווען איך וועל איר זאָגן, אַז זי האָט אַ געפערלעכן קאנקורענט. שטויסט זי זיך אָן? איך בין איבערצייגט, אז זי ווייסט, אז קאסטאָף איז ביז די אויערן פארליבט אין א אידיש געדרוקט ווארט. נו, אַז מען איז פאַרליבט, איז מען במילא יונג, איז דאָך במילא אַ באַוויז, אַז קאַסטאָף איז פופציק יאָר יונג.

חבר קאַסטאָף איז אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש, האָט ליב צו קהל׳ען זיך, אָבער ער האָט אויך ליב דעם מענטשן, און מענטשלאכע געזעלשאפט. ער איז דער ריכטיקער מכנים אורח, ווען מען קומט צו אים אין הויז. (דאָס איז אויך דער שטריך פון זיין ליבער פרוי). און קומט מען צו אים, פילט מען זיך ווי ביי זיך אין דער היים.

אַ פריילעכער, אַ לעבעדיקער, אַ יום טוב׳דיקער איז ער דאַן, און ווער ס׳איז פריילעך און לעבעדיק, איז במילא יונג. אַלזאָ, מיין גליקוואונש צום פופציק יאָריקן יונגען יובילאַר.

פון ווייטן שיק איך דעם גרוס, פון אַ לאַנד, וואָס איז קאַסטאָפ׳ן נאענט און טייער.

און אין מיין גרוס ווערט אויך איבערגעגעבן דער גוטער וואונש פון פילע היגע חברים, וועלכע קענען קאסטאָפ׳ן און זיינען אים גוטע פריינט.

אַן אינטערעסאַנטן וועג האָט קאַסטאָף דורכגעמאַכט, אַ לעבן רייך מיט זכרונות, מיט מעשים, מיט חלומות. ער איז א פראקטישער בעל־חלום, דער יובילאר, און צו זיין פופציק יאָריקן געבורטסטאָג קען איך בלויז זאָגן: חלומ׳ט, חלומ׳ט, חבר, און זעט אייער חלום רעאליזירט, בכדי צו קענען אַ צווייטן חלום אויס׳חלומ׳ען.

פון דעם זוניקן לאַנד אַ זוניקן גרוס און ברכות. אייער,

**מאיר בראון.**

נ. ב. — אין מיין גליקוואונש באַטייליגט זיך אויך חברה לאה בראַון.

# זיין אידעאַליזם איז יונג

טייערע חברים פונ'ם „מאיר קאַסטאָף יובילײ - קאָמיטעט״:

מיט פאַרגעניגן נעם איך אָן אייער איינלאַדונג צו באַגריסן מיין טייערן פריינט, חבר קאַסטאָף, צו זיין פופציק יאָר יונג (ניט אַלט) זיין.

חבר קאַסטאָף איז געבענטשט מיט צוויי גאָר גרויסע אייגנשאַפטן — ערשטנס, אַ גרויסע נשמה, וואָס איז איבערפילט מיטן העכסטן אידעאַליזם, אַן אידעאַליזם, וועלכער איז דער גרונד געדאַנק פון זיין גאַנצן לעבן און שאַפן אין זיינע גאַנץ רייכע אַקטיוויטעטן אויף אַלע געביטן פון אידישן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן לעבן. צווייטנס, איז ער געבענטשט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן כוח — וועלכער מאַכט מעגלעך פאַר חבר קאַסטאָף דורכפירן די גאַנצע ארבעט אין לעבן, וועלכע איז דיקטירט פון זיין הויכן אידעאַליזם. איך גלויב, אַז די צוויי איינגנשאַפטן זענען זעלטן פאַרפולקאָמט אין איין פערזאָן. און דערפאַר אָנערקענען מיר זיין פרוכטבאַרע ארבעט, דערפאַר שיינט אַרויס זיין לעבן און שאַפן פאַר די לעצטע 30 יאָר, דערפאַר איז חבר קאַסטאָף, ביי אַלעמען, אַזוי באַליבט און פאַרערט.

חבר קאַסטאָף איז פופציק יאָר אַלט, אָבער זיין אידעאַליזם איז יונג און זיין כוח איז ניט דערשעפּט, און איך ווינטש אים, מיין טייערן חבר קאַסטאָף, צוזאַמען מיט חברה קאַסטאָף, נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער ארבעט, געזונט און פיל פרייד אין לעבן.

דר. י. גראָסמאַן

ל. סיגאל

# אַן אייגנאַרטיקער יובילײ

אין חודש יולי איז אונזער חבר מאיר קאַסטאָף געוואָרן 50 יאָר אַלט. זיינע נאָנטע חברים און פריינט האָבן צוגעטראַכט א יובילײ־פייערונג לכבוד דער פּאַסירונג אויף אַן אייגנארטיקן אופן.

מען האָט זיך באַפרייט פון דער געוויינטלעכער יובילײ רוטין פון איינאָרדנען אַ באַנקעט און האַלטן רעדעס, דורכפירן א פּאַסיקן אָדער ניט פּאַסיקן פּראָגראַם, א. א. וו. אנשטאָט די אַלע זאַכן וואָס זענען געוויינטלעך אָנגענומען אין דער געזעלשאפטלעכער וועלט ווען א יובילײ ווערט דורכגעפירט, ווערט ארויסגעגעבן א באַשיידענע זאַמלונג וואָס זאָל געבן אַן אָפּשפּיגלונג וועגן דעם לעבן און טעטיקייט פון יובילאַר און זאָל טאַקע בלייבן א מתנה ניט בלויז דעם יובילאַר אליין, נאָר דער גאַנצער אידישער עפנטלעכקייט. דער אַרט פייערן פון א יובילײ איז באמת אייגנאַרטיק און וועט זיכער באַגריסט ווערן פון א גרויסן קרייז וואָס וויל זיך אַמאָל באַפרייען פון דער אָנגענומענער רוטין.

וועלן צושרייבן חבר קאַסטאָף, אַז דער פאַקט וואָס ער איז געוואָרן 50 יאָר איז ער ארייגעטראָטן אין דער שטופּע פון עלטערן זיך, אזא מחשבה איז זיכער א גרויסער טעות. עלטער און די אלע באַגריפן וואָס מיר האָבן וועגן אלטקייט איז צו חבר קאַסטאָף ניט צוגעפּאַסט, ווייל איר האָט צו טאָן מיט אַן אמת לעבעדיקן, רירעוודיקן מענטשן. מען דאַרף ניט לאַנג באַאָבאַכטן חבר קאַס־טאָפן אין אירגענד וועלכער אַקטיוויטעט צו זען, אַז דאָס איז א מענטש וואָס איז שטענדיק אַקטיוו, שטענדיק רירעוודיק, רעכנט זיך ניט מיט קיין שווע־ריקייטן און איז גרייט דורכצופירן אפילו אונטער די שווערסטע באַדינגונגען די ארבעטן וואָס זענען אים ליב און צו וועלכע ער האָט א וואַרעמע באַציאונג.

אונזער חבר קאסטאָף, האָט אונטער זיך א גאַנץ רייכע געשיכטע פון גע־זעלשאפטלעכער אַקטיוועטעט אויף פארשידענע געביטן, באַזונדערס אויפן געביט

פון דער ארבעטער באוועגונג דורך דעם שריפטזעצער לאָקאל 83, פון וועלכן ער איז איצט וויצע־פּרעזיצער און דורך די פארשיידענע אָפּטיילונגען פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

חבר קאַסטאָף איז געקומען קיין ניו־יאָרק אין 1906. דאַן אַן 21 יעריקער בחור האָט ער שוין מיט זיך מיטגעבראַכט אן אינטערעסאנטע פאַרגאַנגענהייט פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין רוסלאַנד. ער האָט זיך ניט געקענט גלייך איינלעבן אין דער גרויסער שטורעמדיקער ניו־יאָרק. דער שיקזאַל האָט אים אַריבערגעוואָרפן קיין מאָנטרעאָל, וואו ער האָט פאַרבראַכט ביז 1909. זיין יוגנט־לעכע ענערגיע האָט ער דאַן ארייגעוואָרפן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן דורך דער פארטיי פועלי ציון און דורך דעם ארבעטער רינג. סוף 1909 קומט ער צוריק קיין ניו־יאָרק און שטייט זייט דאַן ווי אַ געטרייער סאָלדאַט אין אַלע אַקטיוויטעטן וואָס די ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג נעמט אונטער. ביי דער גרינדונג פון אידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד אין 1912, געפינט מען אים אלס איינעם פון די ערשטע מיטגלידער און אלס סעקרעטאר פון דעם יוגנט ברענטש 18 (איצט סירקין ברענטש). מיט 3 יאָר שפּעטער ווערט געגרינדעט בר. 83, פאַקטיש, דער ערשטער טרייד־יוניאָן ברענטש אין פארבאנד, וואָס באשטייט מערסטנס פון שריפטזעצער. אליין אַן ארבעטער אין פאַך וואַרפט ער אריין זיין גאנצע ענערגיע, יוגנט, פייער און געטריישאפט צום פאַרבאַנד אין דער גרינדונג, אנטוויקלונג און אויפהאַלטונג פון דעם שריפטזעצער ברענטש 83.

מיט דעם אָנקומען פון דער מאָדערנער שול־באַוועגונג, באַזונדערס מיט דעם אויפבלי פון דער באַוועגונג אין 1914, זעט מען אים אלס סעקרעטאר פון דער נאצ. ראַד. שול אין בראנזוויל, וואָס אנטוויקלט זיך דאַן צו איינער פון די בעסטע שולן אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ח׳ יואל ענטין, מיט דער אקטיווער מיטארבעט פון די חברים פ. גינגאָלד, מ. מאשעוויצקי, ש. שאפירא, וועלוועל שווארץ, ע״ה, ב. קאַך, ש. פארבער, מ. ליי־באָוויץ, מאָריס מכתם, די חברות סאפיע העלער, זעלדע האָפּמאַן, חנה גלאָבערמאַן און אייניקע אנדערע.

נאָך איידער די גרינדונג פון דער הסתדרות, די פאראייניקטע אידישע ארבעטער אָרגאַניזאציע אין א״י, איז פּראָקלאַמירט געוואָרן, און עס זיינען דאַן אָנגעגאנגען די גרויסע דיסקוסיעס ארום דעם קרן היסוד, וועלכער האָט זיך אין יענער צייט, אגב, געשטעלט די זעלבע גרויסע צילן, וואָס ס׳ווערט איצט דורכגעפירט דורך דער הסתדרות מיטן קרן היסוד און מיטן קרן קימת ווערט דורך חבר קאסטאָפן דאָ געגרינדעט א שריפטזעצער־קלוב פארן קרן היסוד, וואָס פירט דורך א באשלוס, אז יעדער ארבעטער אין שריפטזעצער־פאך זאָל צאָלן א דאלער א וואָך פארן קרן היסוד. דאַן איז אַזאַ באַשלוס אין ארבעטער קרייזן אויפגענומען געווארן מיט זייער א סך סקעפּטיציזם. ארץ־ישראל איז נאָך ווייט ניט געווען דאָס וואָס ארץ־ישראל איז

איצט. אַ באַדייטנדער טייל פון די אידישע ארבעטער אין אמעריקע, באַזונדערס די פירערשאפט, האָבן זיך באַצויגן קאַלט און גלייכגילטיק צו דעם אויפבוי פון ארץ־ישראל. די אידישע ארבעטער באַוועגונג אין ארץ־ישראל האָט דאַן ערשט געמאַכט די ערשטע טריט און האָט נאָך נאַטירלעך ניט געקענט זיין פּאָפּולער פאר אירע אויפטואונגען און דערגרייכונגען. דער פאָרשלאַג, אַז ארבעטער זאָלן צאָלן א דאָלער א וואָך פארן קרן היסוד האָט געפאָדערט געוואַגטקייט און א טיפן אינערלעכן גלויבן אין דער גרויסער אידעע.

אין 1924 ווען דער געווערקשאפטן קאמפיין פאר דער אידישער ארבעטער באַוועגונג אין ארץ־ישראל מאכט דעם ערשטן אויפטריט אין אמעריקע און עס הייבן זיך אָן גרופירן ארום דעם קאמפיין צענדליקע טויזנטער אידישע ארבעטער און פאָלקס אָרגאַניזאציעס, זעט מען דעם יובילאר אלס אן איניציאַטאָר פון א נייעם פּלאַן לטובת דער אידישער ארבעטער באוועגונג אין ארץ־ישראל, א פּלאַן וואָס איז צוגעפּאַסט צו זיין פאַך און צו זיינע מיטאַרבעטער. דאָס מיינען מיר די באַוואוסטע אַקציע צו שיקן א ליינאָטייפּ מאַשין פון די אידישע שריפטזעצער אין אמעריקע פאר דעם „דבר", די ערשטע טעגלעכע ארבעטער צייטונג אין ארץ־ישראל. די אַקציע איז דורכגעפירט געוואָרן מיט א באַדייטנדן דערפאָלג, וואָס האָט געמאַכט א גרויסן רושם אויף ארבעטער קרייזן אין אמעריקע און האָט זיכער געבראַכט קאָלאָסאַלע נוצן פאר דער אַנטוויקלונג פון דער ארבעטער פּרעסע אין ארץ־ישראל. אמת, די אַרבעט איז דורכגעפירט געוואָרן אין נאָמען פון אַ קאָמיטעט, אָבער די נשמה און דאָס האַרץ פון קאָמיטעט, דער אקטיווער, געטרייער און איבערגעגעבענער אַרבעטער פאר דער אונטערנעמונג איז שטענדיק געווען אונזער חבר מאיר קאסטאָף.

דאָס איז בלויז א קורצע אָפּשאַצונג וועגן דעם ענערגישן חבר מ. קאַסטאָף, דער חבר וואָס איז שטענדיק אויפן אָרט ווען עס דאַרף א גרויסע ארבעט געטאָן ווערן, דער וואָס באַזיצט אין זיך דעם כח מיט זיין באַגייסטערונג, אידעאַליזם און איבערגעבענהייט אויך אָנצושטעקן אַנדערע.

חבר קאַסטאָף האָט א גרויסע צאָל פערזענלעכע פריינט, ווייל א חוץ א געזעלשאַפטלעכער מענטש, וועלכער איז גרייט צו טאָן ארבעט פאר וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע צילן, איז ער אויך אין פערזענלעכן זין א חבר און א פריינט. מיר באַגריסן אים צו זיין יובילייּ און מיר ווינטשן אים נאָך פילע יאָר צו באַזיצן אין זיך זיין יוגנטלעכקייט, ענערגיע און גרייטקייט פאר וויכטיקע אקטיוויטעטן.

פ. גינגאָלד

# טרוימערישע חלומות

דער חשוב׳ער בעל היובל, אונזער ליבער חבר מאיר קאַסטאָף שטעלט מיט זיך פאָר אַ מענטשן, וואָס איז שטענדיק פאַרליבט. פאָר די לאַנגע יאָרן, וואָס איך קען זים, טרעף איך אים שטענדיק פאַרליבט אין איין זאַך אָדער אין אַ צווייטער. ער איז זעלטן ראַציאָנאַל, שווער מיט אים צו אַרגומענטירן, רעאַלע פאַקטן שפּילן פאר אים קיין ראָלע ניט. קאַסטאָף איז פאַרקאָכט אין זיינע אידעאַלן דערפאַר וואָס ער האָט צו זיי א סוביעקטיווע באַציאונג, ער איז אין זיינע אידעאַלן פאַרליבט.

אלע פריינט קאַסטאָפ׳ס דערמאָנען געוויס צום גוטן זיין ארבעט פאַר דער מאָדערנער אידישער שול אין אירע ערשטע קינדהייטס־יאָרן. אויך אויף מיין חלק איז אויסגעפאַלן צו באַקענען זיך מיט חבר קאַסטאָפ׳ן אין יענער צייט. און נאָך היינט שטייט פאַר מיינע אויגן דער יונגער, מוטיקער און ראָמאַנטישער יונגער קאַסטאָף, וועלכער אַמפּערט זיך ניט וועגן די נייע שיטות און ריכטונגען אין דערציאונג, נאָר שטייט פאַר אונז ווי אַ פאַרליבטער, און טרעפט אין וואָס — אין דער מאָדערנער אידישער שול!

אין דער פּועלי ציון פאַרטיי און אין אידיש נאציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד, וואו חבר קאסטאָף איז אַזאַ אַקטיווער טוער, איז ער אָבער אויך אין גאַנצן אנדערש ווי אַלע אנדערע. ווייטער דאָס אייגענע, — ער קריטיקירט ניט. די פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס און ריכטונגען פאַרכאַפּן ניט זיין געמיט, ער גייט אַרום צווישן אַלעמען מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל, האָט פאַר אַלעמען אַ גוט וואָרט און דער עיקר — איר זעט, אַז דער מענטש וויל זיך ניט גריבלען אין קאָנסעקווענצן און פאַקטאָרן, אים איז ליב די זאַך אליין און ער איז פארליבט אין דער באַוועגונג און אין די מענטשן פון דער באַוועגונג.

ארץ ישראל האָט קאסטאָפ׳ן געמאכט פאר א נייעם מענטשן. זיין באַציאונג צו דער מאָדערנער אידישער קולטור, צו דעם נייעם אידישן אות און צום נייעם אידישן וואָרט, איז דאָך נאָך אַלעמען אַלץ גייסט. ארץ ישראל פאַרמאָגט דאָךביידע זאַכן — דעם גייסט און דאָס גשמיות׳דיקייט.

חבר קאַסטאָף פלאַנצט טאַקע בלויז א פּרדס אין ארץ ישראל, אָבער ניין, — ניט דעם פּרדס דלמטה פלאַנצט ער, נאָר ער גייט אַרום א פאַרליבטער און בינדט קראַנצן בלומען זיין געליבטער.

און אזוי אַ גאַנצן לעבן גייט ער ארום מיט א בענקשאפט און מיט א טרוימערישן בליק פאר אלע ווערטן אין לעבן, און מיט זיין אידילישער באַציאונג צו זאַכן שאַפט ער ארום זיך אַן אינטימע האַרציקע סביבה.

לאַנג לעבן זאָלט איר, ליבער חבר קאַסטאָף. אין אַזאַ פּראָזאַאישער און מעכאַנישער וועלט נויטיקן מיר זיך זייער שטאַרק אין אַזעלכע פארליבטע טרוימער ווי איר זייט.

דר. מאיר ל. ראָזאָף

# ער האָט געוואַגט און איז געווען אַ גוטער ביישפּיל פאַר אַנדערע

צו דעם מאיר קאַסטאָף יובילײ־קאָמיטעט: —
זײער חשובע פרײנט!

איך דאַנק אײַך פאַר דער געלעגנהײט, וואָס איר גיט מיר, צו קאָנען שרײַבן אַ פּאָר ווערטער וועגן מײַן פרײנט און מיטאַרבעטער אין דער „גן־רשל“ גרופּע.

איך האָב חבר קאַסטאָפ׳ן דערקאָנט ערשט אין יאָר 1927־28, ווען ער האָט זיך אַנגעשלאָסן אָן דער ערשטער גרופּע פון פינף אַמעריקאַנער משפּחות, צו



די פינף שותּפים פון „גן - רשל“ (פון רעכטס צו לינקס): דר. מאיר ל. ראָזאָף, מאָריס שצופּאַק, דר. ר. אַוערבאַך - קאַמענעצקי, מאיר קאַסטאָף און דר. לואיס שיפּמאַן.

טאָן ציוניסטישע אַרבעט, אַנשטאָט נאָר צו רײדן וועגן ציוניזם . . . מען האָט דאַן באמת געדאַרפט האָבן אויסערגעװײנלעכן מוט און אָהן אַ שיעור ענטוזיאַזם, אַרײַנצולײגן די לעצט־אָפּגעשפּאָרטע פּאָר דאָלער פון אַן אַרבעטער, און עס פּאַרטרויען „פרעמדע הענט“, צו דער דאַן־יונגער, ניט־דערפאַרענער קאָלאָניזאַציאָנס־געזעלשאַפט פון דער „הסתדרות“, — דעם „משרד הקבלני“ (דער איצטיגער „יכין“). קאַסטאָף איז דאַן געווען אײנער פון די װײניקע, וואָס האָבן געוואַגט, און דערפאַר זענען, אויף אים קוקנדיק, שפּעטער געקומען אַ סך אַנדערע . . . ער איז געווען אַ פּיאָנער אויף דעם געביט, און דערפאַר אַלײן קומט אים אַ סך קרעדיט.

איך וואָלט געוואָלט ביי דער געלעגנהייט אַ סך שרײַבן וועגן אַלץ, וואָס מיר האָבן דורך דער צייט פון די לעצטע זעקס־זיבן יאָר דורכגעמאַכט. אויך וועגן אונזערע דערפאַרונגען סײ דאָ אין אַמעריקע און סײ אין ארץ ישראל, וואו

איך און קאַסטאָף זיינען געווען לעצטן יאָר, — אָבער איך פאַרשטיי, אַז דער פּלאַץ אינם זאַמל־בוך מוז מסתמא זיין באַשרענקט, וועל איך זיך נאָר אָפּשטעלן אויף איין מאָמענט, און דאָס איז, וואָס אונזער גרויסער פאַרשטאָרבענער און אומפאַרגעסלעכער פירער, דר. חיים אַרלאָזאָראָוו, ע"ה, האָט אונז אַמאָל געזאָגט, ווען ער איז געווען, צוזאַמען מיט זיין פרוי, אויף אַן אָפּשיידס־אָוונט אין קאַסטאָפּס היים, אין די בראָנקס. דאָס איז געווען דאַן, ווען דער אינגערער זוהן פון די קאַסטאָפּס, דער 16־יאָריקער חיים, און אויך די ערשטע משפּחה פון אונזערע גן־רשל שותפים — די שצופּאַקס — זענען אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל (פעברואַר, 1929). דר. אַרלאָזאָראָוו האָט דאַן געזאָגט:

„געווים וועט איר, די ערשטע פינף משפּחות פון גן־רשל, אַ סך דורכמאַכן, איידער עס וועט קומען די פּרוכט פון אייער אַרבעט; אָבער איר דאַרפט זיין שטאָלץ דערמיט, וואָס איר זייט אויף דעם געביט פון דער אַזוי־ גערופענער פּריוואַט־איניציאַטיווע, די ערשטע, די וועג־ווייזער... די פאַרזייהטע בוימעלאַך ווייסן ניט פון קיינע רעוואָלוציעס, פּאָגראָמען און אַנדערע שוועריגקייטן  אויב מען גיט נאָר אויף זיי גוט אַכטונג און מען גיט זיי גענוג וואַסער, וואַקסן זיי... איך ווייס ניט, ווי יעדערער פון אייך וועט זיך שפּעטער פערזענלעך איינאָרדענען דאָרט, אָבער דעם פאַרגניגן וואָס איר האָט איצט פונם בויען אייער פּרדס אין אונזער לאַנד, איז כמעט ווערט דאָס גאַנצע קאַפּיטאַל, וואָס איר האָט דאָרטן אינוועסטירט..."

און חבר קאַסטאָף איז טאַקע געווען און איז אויך איצט איינער פון אונזער גרופּע, וואָס ניט נאָר האָט ער אַליין דעם ענטוזיאַזם פאַר אָט דער גרויסער זאַך, נאָר ער ווירקט אויך אויף אַ סך אַנדערע, זיי זאָלן זיך נעמען פון אים אַ ביישפּיל.

איך וויל אים דערפאַר האַרציק באַגריסן צו זיין 50טן געבורטסטאָג אינם נאָמען פון דער גאַנצער גן־רשל גרופּע, ד. ה. אינם נאָמען פון מיין אייגענער משפּחה און אויך אינם נאָמען פון די איבעריקע דריי משפּחות—דר. שיפּמאַנ'ס, מר. שצופּאַק'ס און דר. קאַמענעצקי־אַווערבאַך'ס, וועלכע געפינען זיך שוין אַלע אין ארץ־ישראל.

איך באַגריס אויך האַרציק חברה קאַסטאָף, וועלכע איז אַן אמת'ע „עוזר כנגדו", ווייל זי איז דורכאויס ווערט צו זיין די פרוי פון ח' קאַסטאָף; זי איז די אמת'ע שותפ'טע צו אַלע זיינע גוטע אויפטואונגען. זאָלן זיי ביידע זיין געגריסט, צוזאַמען מיט זייערע קינדער און די גאַנצע פאַמיליע.

ערגעבענסט אייערער,

**דר. מאיר ל. ראָזאָף**

פּרעז. פון „גן - רשל".

# ס'איז מסתמא אַ טעות אין זיינע יאָרן ...

עס ווילט זיך מיר עפּעס אָנשרייבן צום 50־יאָריקן יובילײ פון אונדזער ליבן חשוב'ן חבר מאיר קאַסטאָף. אָבער עס איז גאָרניט קיין לייכטע אויפגאַבע צו געפינען די ריכטיקע ווערטער, וואָס זאָלן אויסדריקן מיין ליבע און אַכטונג צו אים אין א פּאָר געציילטע שורות. איך האָב דעם פאַרגעניגן צו קאָנען אונדזער ליבן יובילאַר נאָנט צו 21 יאָר, און שטענדיק באַוואונדערט זיין אויסעראָרדענטלעכע איבערגעגעבנהייט צו אונדזער אידעאַל, זיין אמת'ער חסיד'ישער ברען. וואָס וואַרעמט אָן יעדן וואָס קומט אין באַרירונג מיט אים. וואָס אימער איז ער פאַרנומען ניט מיט ריידן, נאָר מיט ממשות'דיקע ארבעט, ניטאָ קיין זאַך וואָס איז צו גרויס, אָדער צו קליין פאַר אים, אויב נאָר זי דינט זיין אידעאַל. אידישע קולטור, סאָציאַליזם, ארץ ישראל אַרבעט, אָדער אפילו אַ טובה פאַר אַ יחיד, איז פאַר אים ניט צו שווער. איך זע אים כסדר פארנומען, אין די גרויסע קעלטן, אָדער אין די גרעסטע היצן, אויב נאָר ער איז נוצלעך איז ער אימער פאַראַן אויפן פּלאַץ.

אורטיילנדיק וואָס ער האָט אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון כלל־ארבעט, דענק איך, אַז עס איז אַ טעות אין זיינע יאָרן, אַז ער מוז זיין עלטער פון 50 יאָר, נאָר קוקנדיק אויף זיין ליבער פרוי און וואוילע קינדער מוז איך גלויבן די צאָל, און באַוואונדערן די גוואַלדאָוונע ענערגיע מיט וועלכער ער האָט אין זיין קורצן לעבן אויפגעטאָן אזויפיל גוטע ארבעט.

זיינע פריינד און חברים וויסן, אַז חוץ זיין כלל־אַרבעט האָט ער חלילה ניט פאַרנאַכלעסיקט זיין ליבע פאַמיליע און דערצויגן פיר וואוילע אינטעליגענטע קינדער, וועלכע פאָלגן נאָך זיינע אידעאַלן און זיינען א גאָטס־בענשונג פאַר אַלע וואָס קאָנען זיי.

דאָ מוז איך אים געבן אַ קאָמפּלימענט וואָס ער האָט אויסגעקליבן פאַר זיין לעבנס־באַגלייטערן אַזאַ טייערע פרוי, וואָס איז גלייך מיט אים, אימער איבערגעגעבן דיזעלבע אידעאלן און ניט נאָר שטערט זי אים ניט, נאָר העלפט מיט אין אַלעס, און האָט זיכער פאַרדינט דערמאָנט צו ווערן אין מיין באַגריסונג צו זיין יובילײ. אַ יונגערמאַן ווי ער איז געוועזן, און האָט געוו'אוסט אַזאַ ליבע פרויס ליבע צו געווינען. איז לאו כל אדם זוכה.

איך באגריס זיי ביידן, און ווינש זיי נאָך לאַנגע יאָרן פון פרוכטבאַרער גוטער ארבעט, נחת פון זייער ליבער פאַמיליע, און זאָלען זיי זיין יונג אין קערפּער און גייסט נאָך 50 יאָר.

מיט ליבע און אַכטונג,

מאָריס מכתם

# א גייסטרייכע קאַריערע

מיר געפעלט זייער שטארק דער אייגנארטיקער אופן ווי מאיר קאסטאָפּ׳ס פריינט פייערן זיין פופציק יאָריקן געבורטסטאָג. איך האָב ביי א געלעגנהייט געהאט גרויס הנאה לייענענדיק א קאפּיטעל פון זיינע זכרונות. דורך זיי האָב איך זיך נעענטער באקאנט מיט זיין גייסטרייכער קאריערע און פילפאכיקע טעטיקייטען. אָבוואָל מיר זיינען באפריינדעט ארום צען-צוועלף יאָר, מוז איך צוגעבן, אז ס׳האָט זיך פאר מיר אנטפּלעקט א נייער קאסטאָף, וועמען איך האָב אין אמת׳ען ביז איצט גאָר נישט געקענט. נישט בלויז א משכיל, נאָר אויך א מוטיקער קעמפער פאר אלגעמיינע און אידישע רעכט, א וועגווייזער אין אייניקע הינזיכטן, א געטרייער זון פון פאָלק ישראל, וואָס איז אימער באריים צו ברענגען קרבנות פאר אונזער נאציאָנאלן אידעאל.

נאָך מיין מיינונג איז דער יובילאר א סימבאָל פון׳ם שענסטן וואָס דער „בחור הזעצער” אין אלגעמיין שטעלט מיט זיך פאר, — די שטילע, געטרייע דינער פון אידישען וואָרט, וואָס האָבן געהאָלפן צו דערהויבן די אידישע ליטעראטור, און איבערהויפּט די אידישע פּרעסע אין אמעריקא, צו א העכערער מדרגה.

יעצט פארשטייט איך אויך וואָרום די קאסטאָפּס זיינען געבענטשט מיט אזעלכע געראָטענע קינדער. זיי האָבן זיך דאָס ביסל נחת פארדינט. פון טיפן הארצן ווינש איך זיי מזל טוב און פילע יאָרן פון ניצלעכער געזעלשאפטלעכער ארבעט פאר כלל ישראל.

דר. מרדכי סאלטעס

א. מאיראָוויטש

# חבר קאַסטאָף שאַפט אַ ביבליאָטעק

פאַר די לעצטע 10 יאָר קאָן איך אים ווי א געטרייען און איבערגעגעבענעם חבר פון אונזער אידיש־נאַציאָנאלן ארבעטער פאַרבאַנד — און מיר איז שטענדיק ליב און אנגענעם זיין אנוועזנהייט אין דער ארבעט ביי יעדער געלעגנהייט וואו מיר קומען אין בארירונג — ווייל דאָ האָט איר צו טאָן מיט א מענטשן וואָס ארבעט לשמה אין שענסטן זין פון וואָרט און מיט פולער איבערגעבנהייט.

אָבער אם נאָענסטן האָב איך דערקאָנט אונזער ליבן חבר אין דעם ווינטער פון 1933־4 אין דער באַשאַפונג פון דער „א. ליעסין ביבליאָטעק" אין דער פאַר־באַנד קאָאָפּעראטיווער קאָלאָניע אין די בראנקס.

דער געדאַנק וועגן דער נויטווענדיקייט פון א ביבליאָטעק ביי דער א. ליעסין פאָלק־שול און בראָנקסער מיטל־שול וואו מיר זיינען אַרומגערינגלט מיט א רייע אָרגאַניזאציעס און אינסטיטוציעס פון דער ציוניסטיש־סאָציאליסטישער באוועגונג — האָט זיך שוין לאַנג ארומגעטראָגן אין אונזערע רייען — אבער עס האָט אויסגעקוקט ווי עפּעס אומדערגרייכבאַרעס אונטער די אומשטענדן אָן ספּעציעלע געלט מיטלען.

און דאָ קומט חבר קאסטאָף פול מיט פייער און באגייסטערונג מיטן פאָר־שלאג צו שאַפן א ביבליאָטעק אויפן נאָמען פון אונזער חשובן פריינט און חבר אַ. ליעסין. דער פאָרשלאַג ווערט אָנגענומען, און א קליינע גרופּע מענטשן וואַרפט זיך אריין אין דער אַרבעט. אין דער שפּיץ שטייט מאיר קאַסטאָף — און דאָ האָט ער זיך פאַר מיר אנטפּלעקט אין זיין גאנצער גייסטיקער שיינקייט און גרעניצ־לאָזער ליבע צום בוך, צו אונזער אידיש־העברעאישן בוך און זיין פאַרשפּרייטונג.

סיי אינדערפרי, פארן גיין צו דער ארבעט, און סיי בייטאָג אדער אין אוונט — יעדע פרייע מינוט זיינע איז אָפּגעגעבן געוואָרן מאָנאָטן לאנג צו איין זאָרג, איין ציל — ביכער, ביכער פאר דער א. ליעסין ביבליאָטעק!

הונדערט-און-דרייצ

אלע טירן — סיי פריוואַטע און סיי געזעלשאַפטלעכע — זיינען געווען פאַר אים אָפן; צו קיינעם איז אים ניט שווער געווען צוצוקומען, מאָנען, פאָדערן, פאַרלאַנגען — ביכער!

און ביכער, גוטע ביכער, זיינען געשאַפן געוואָרן — אין די הונדערטער און הונדערטער. אלע האָבן געגעבן, קיינער האָט ניט אָפּגעזאָגט. און ווי קען מען אָפּזאָגן חבר קאַסטאָף ווען ער פאַרלאַנגט עפּעס? און די פרייד איז אינגאַנצן געווען זיינע. ווי אַ קינד וואָס קריגט אַ לאַנג־געגאַרטע פּערזענלעכע מתּנה האָט ער זיך געפרייט מיט יעדער געשאַנק פון אַ נייעם פּעקל ביכער. אים איז אויך ניט שווער געווען אַליין צו טראָגן די פּעקלעך און שלעפּן זיך מיט זיי אין די קאַלטע ווינטער־טעג פון דאַון־טאַון העט־העט אין דער בראַנקס, אין ביבליאָטעק צימער.

מיר איז אויסגעקומען טיילווייז דידאַקטיק ארבעט צו קאָאָרדינירן — און קיינמאָל, דוכט זיך, איז נאָך קיין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציע פון דעם סאָרט ניט אויסגעוואַקסן אַזוי שנעל — אַזוי לעבהאַפט. חבר קאַסטאָף האָט אַלעמען אָנגעשטעקט מיט זיין גלויבן און גרייטקייט צו טאָן ארבעט.

און די א. ליעסין ביבליאָטעק איז געשאַפן געוואָרן. דער פייערלעכער דערעפענונגס־אָוונט אין דער אנוועזנהייט פון א. ליעסין, ש. ניגער, ה. לייוויק, פּרץ הירשביין, דר. ש. בערנשטיין, אלכּסנדר האַרקאַווי, יצחק ריבקינד, מנחם ריבאַלאָוו, מ. שווייד, נפתלי גראָס און פילע אנדערע פאָרשטייער פון דעם אידישן קולטור־וואָרט — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסאַרטיקער דעמאָנסטראַציע פאַר אונזער בוך בכלל און פאַר אונזער גרויסן דיכטער א. ליעסין בפרט.

און אין דער צייט פון די באַגריסונגען און רעדעס איז חבר קאַסטאָף גע־שטאַנען באַשיידן אָן אַ זייט און געקוואָלן פאַר נחת זעענדיק אַז די זאַך איז אַ פאַקט געוואָרן.

וואָרום איז דער געזעלשאַפט וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע חברים און טוער ווי חבר מאיר קאַסטאָף.

צ. א. אריאל

# שווער אים נאָכצויאָגן!

**וועלנדיק** שרייבן אן אָפּהאנדלונג פון מיין חבר און פריינט מאיר קאַסטאָף, לויפן דורך פאַר מיר פילע מאָמענטן פון געזעלשאַפטלעכער ארבעט אין וועלכע איך בין געקומען אין באַרירונג מיט אים, און עס קומט מיר אויפן געדאַנק, אַז מיט חבר קאַסטאָפן פלעגט צייטנווייז זיין שווער צו ארבעטן. זיין לויפן, וועלן אַריינכאַפּן אַ סך, האָבן מורא טאָמער וועט ער פאַרזאַמען. — דעריבער איז ביי אים ניטאָ אַזאַ זאַך ווי מידקייט, ניטאָ קיינע שלעכטע וועטערן, ווייל מען מוז לויפן, מען מוז טאָן, אין די פילע קעשענעס זענען אָנגעשטופּט פּאַפּירן מיט פּאַפּירלעך. יעדער פּאַפּירל שטעלט פאָר מיט זיך אַן אַנדער אינסטיטוציע, אַן אַנדער צוועק, און יעדע זאַך איז דאָך וויכטיק, און יעדע זאַך דאַרף דאָך באַזאָרגט ווערן. כאַפּט ער אַריין אייניקע מינוט וואָס אים איז נאָך געבליבן גייענדיק פון סאָבוויי צו דער אַרבעט, מוזן די אייניקע מינוטן אויסגענוצט ווערן אויף צו זען דעם אָדער יענעם פאַר דעם אָדער יענעם צוועק, און אזוי אָן אויפהער און אָן אַ אָפּשטעל.

נאָר אייניקע יאָר ווי איך קאָן חבר קאַסטאָף פערזענלעך. בין געווען א חבר פון א פּראָווינץ שטאָט. פון צייט צו צייט געהערט, אז אין ניו יאָרק איז דאָ א חבר, אַקטיוו אין דער שריפטזעצער יוניאָן און האָט אינזינען צו שטעלן דעם „דבר" טעכניש אויף דעמזעלבן מצב ווי די גוט איינגעפונדעוועטע היגע צייטונגען. ער איז אָבער אנדערש ווי פילע טעטיקע חברים, מען קאָן אַמאָל אָפּשאַצן אַ חבר אפילו ווען מען קאָן אים פון דער ווייטנס, אַ חבר איז אַקטיוו אויף אַ געוויסן געביט און די אַקטיוויטעט גיט שוין אַ אָפּשפּיגלונג וואָס ער איז. הערן פון חבר קאַסטאָף, וויסן וועגן די אָדער יענע אַקטיוויטעט זיינע איז אָבער ניט גענוג, דאָס גיט ניט קיין פולע בילד וועגן דעם גאַנצן חבר קאַסטאָף, מען מוז באַאָבאַכטן, מען מוז זען און קענען זיין שטענדיקע אומרו־

היקייט, זיין שטענדיקן לויפן, זיינע פולע קעשענעס מיט פּאַפּירלעך, און דאַן קריגן ביי זיך א בילד פון דעם טיפ מענטש און חבר וועלכן קאַסטאָף שטעלט מיט זיך פאָר.

עס זענען דאָ פילע מענטשן וועגן וועלכע מען זאָגט, אַז זיי זענען „משוגע לאותו דבר״, זיי זענען פאַר׳עקשנ׳ט דורכצופירן א געוויסע זאַך און מוזן דאָס דערפירן ביז צום דערפאָלג. חבר קאַסטאָף איז אין דעם זין אויך משוגע, ביי אים איז אָבער, קאָן מען זאָגן, דאָ א סך משוגעת׳ן. זאָל דאָס זיין מאַשינען פארן „דבר״, זאָל דאָס זיין דער געווערקשאַפטן קאַמפּיין אין אלגעמיין. זאָל דאָס זיין דער אידיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, די ליעסין ביבליאָטעק אין די פאַרבאַנד קאָאָפּעראַטיווע הייזער, די שריפטזעצער יוניאָן, די ראָזאָף פלאַנצונגס גרופּן אין ארץ ישראל, פאַרשיידענע פאַרטיי טעטיקייטן, ער איז אין אַלץ פאַרקאָכט און אין אַלץ לייגט ער אַוועק זיינע כוחות און זיין צייט און זיין ענערגיע, אַלץ איז ביי אים וויכטיק און אַלץ דאַרף מען טאָן. עס איז אָבער מער ווי זיבן טעג אין וואָך ניטאָ, מען דאַרף אויך גיין אין שאַפּ אַרבעטן, מוז מען אין דער ביסל געבליבענער צייט אַריינכאַפּן אַ סך, מוז מען לויפן, יאָגן זיך און אָניאָגן אַ סך, אַזוי, אַז פאַר איינעם וואָס האָט ניט די נאַטירלעכע איינגעבאָרענע אייגנשאַפטן פון חבר קאַסטאָף, איז שווער — זייער שווער אים נאָכצויאָגן.

עס וואָלט זיך וועלן זאָגן חבר קאַסטאָף צו זיין 50־יאָריקן געבורטסטאָג, אַז ער זאָל אַביסל איינהאַלטן זיינע טריט, מיר דאַרפן אים האָבן מיט זיך נאָך פאַר פילע, פילע יאָרן, עס איז ניט נאָר זיינע אייגענע דערגרייכונגען און אויפטואונגען וועלכע מיר שעצן, נאָר אויך די אינספּיראַציע וועלכע ער גיט איבער מיט זיינע ביישפּילן צו אַנדערע, אָבער מיר ווייסן אַז אונדזערע עצות צו אים וועלן ניט העלפן, ער וועט און מוז גיין זיין אויסגעטראָטענעם וועג, ער קאָן זיך ניט אָפּשטעלן, ווינשן מיר אים, זאָל ער טאַקע אָנגיין מיט זיינע אַקטיוויטעטן אָט אַזוי ווי ער פילט אַז ער דאַרף אָנגיין, נאָך לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

מ. מאשעוויצקי

# צו קאַסטאָף דעם בעל־טובה און פריינט

איז שוין מאיר קאסטאָף אויך אַ בן חמשים!
מעני העפּי רעטוירנס.

ווען ניט זיינע גרויע האָר און ווען ניט די איבער צוויי צענדליק יאָר וואָס זיינען שוין פאַריבער זינט איך האָב זיך באַקאַנט מיט אים און כסדר זיך געטראָפן מיט אים אויף פאַרשיידענע געביטן און אין פאַרשיידענע צווייגן פון אונדזער באַוועגונג וואָלט איך זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אָט דער באַריידעוודיקער, שטענדיק אַמביציעזער און שטענדיק ענערגישער יונגער מאַן איז שוין פופציק יאָר אַלט. בין איך זייער צופרידן מיט דער געלעגנהייט, וואָס דער יובל גיט זיינע צאָלרייכע פריינט, גוטע פריינט און חברים, צו באַגריסן חבר און חברה קאסטאָף און זייער פאַמיליע און ווינטשן זיי באמת פאַרדינטע ברכות און אַל־דאָס־גוטס פאַר זייערע מדות־טובות און אמת שיינעם אידישן אידעאַליזם, וואָס האָבן זיי שטענדיק באַ־גלייט און באַגלייטן זיי ער היום הזה.

צוזאַמען מיט מיין פאַמיליע ווינטשן מיר זיי נאָך פילע יאָרן פון יוגנט, קאַמף־לוסטיקייט און טעטיקייט און האָפן צו פייערן אינאיינעם זייער פינף־און־זיבעציק יאָריקן יובל אין לאַנד פון אונדזערע האָפנונגען.

דער יובילײ־קאָמיטעט פאַרדינט באמת אַ יישר כוח פאַר געבן די גע־לעגנהייט צו פילע מענטשן צו דערציילן פאַר דער וועלט ווי עס לעבט און ווירקט אַן אונדזעריקער, אַ משלנודיקער, ניט אַ גדול הדור, נאָר דוקא פון פאָלק, וואָס פּרעטענדירט ניט אויף גדלות, און דאָך האָט ער גרויסע פאַר־דינסטן, דוקא פאַר קליינע אויפטואונגען, וועלכע פירן צו גרויסע דערגריי־כונגען. עס איז ניט נויטיק אויסצורעכענען אַלע אויפטואונגען וועלכע גייען צום קרעדיט פון חבר קאסטאָף, אָבער אייניקע וויל איך דערמאָנען, כדי טיילווייז כאַראַקטעריזירן חבר מאיר קאסטאָף. איך וויל דאָ דערמאָנען די תקופה פון קאַסטאָפס לעבן אין בראָנזוויל. אונדזער באַוועגונג איז נאָך דאַן נעווען יונג און אָרעם אין כוחות, אָבער דערפאַר מיט אַ סך אַקטיוויטעט, און מיט נאָך גרעסערע וויזיאָנען. מיר, די גרופּע חברות און חברים, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין בראָנזוויל זיינען ניט איינמאָל אַריין אין פאַרצווייפלונג צוליב אונדזער כוחות־אָרעמקייט און האַנט־קורצקייט צו דער־גרייכן גרויסע זאַכן. אָבער קאַסטאָף פלעגט מיט זיין שטענדיקן גוטמוטיקן אָפּטימיזם, אומדערשעפּלעכע ענערגיע און מיושבדיקער פּראַקטישקייט צע־טרייבן די וואָלקנס פון יאוש און דערמוטיקן צו ווייטערדיקער אַקטיוויטעט פאַר דער אָדער יענער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אַזוי איז געווען מיט דער ערשטער נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער שולע, מיט דעם ברענטש פון נאַ־ציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד, מיט דער באַוועגונג פאַרן אידישן קאָנגרעס

און פילע אנדערע טעטיקייטן פון אונדזער באוועגונג. קאסטאף איז געווען ווי א גוטער געטרייער פאטער, וואס זארגט זיך פאר יעדער באקוועמלעכקייט פון זיין פאמיליע, שטענדיק גרייט צו טאן א טובה ווען ער האט נאר געפילט, אז אימיצער נויטיקט זיך אין דעם. זיינע מדות טובות זיינען שטענדיק אפגעשעצט געווארן פון אונדזערע חברים און חברות, זיין הויז איז שטענדיק געווען די היים וואו צו יענער צייט האבן מיר געקענט קומען סיי אין מאמענטן פון דערהויבנקייט און סיי אין מאמענטן פון צער. צו יענער צייט האב איך, א דאנק מיינע פארבינדונגען מיט דעם צענטער פון אונדזער באוועגונג, געמוזט אפשוואכן מיינע לייסטונגען אין בראנזוויל, אבער דאס האט ניט געקענט אנהאלטן זייער לאנג. נאך א באזוך ביי קאסטאפן אדער פון אים צו מיר, האט זיך מיין אקטיוויטעט ווידער קאנצענטרירט אין בראנזוויל. דאס זעלבע איז אויך געווען דער פאל מיט אנדערע חברים. איז איינער געווארן פאסיוו צוליב דער אדער אן אנדער סיבה האט קאסטאף געפילט, אז מען מוז דעם חבר צוריקברענגען צו דער ארבעט און צו דער באוועגונג, און אזוי אין אלץ אין וואס קאסטאף איז געווען פאראינטערעסירט. און אין וואס איז ער ניט געווען פאראינטערעסירט? ווארים ווי קען מען דאס מעיז זיין דעם ליבן, גוטן חבר און פריינט קאסטאף? פאר מיר איז קאסטאף שטענדיק געווען דער סימבאל פון ערנסטקייט, אויפריכטיקייט און אומצווייפלהאפטן אידעאליזם.

איך באדויער זייער, וואס לעצטנס קומט מיר ניט אויס צו טרעפן זיך אפטער מיט קאסטאפן. איך בין אבער צופרידן, וואס דער קרייז, אין וועלכן קאסטאף פארקערט, האט זיך אויסגעברייטערט און זיין ווירקונג פאלט אויף א גרעסערן קרייז.

זאל זיין געבענטשט דער כח וואס ווירקט.

זאלן זיין געשטארקט די הענט וואס שאפן.

זאלן אונדזערע און אלע אנדערענס ברכות באגלייטן חבר און חברה קאסטאף נאך פילע יארן אויף זייער לעבנסוועג פון א שיינעם אידיש אידעאליסטישן לעבן.

# אַ דינאַמישע קראַפט

מיר באַגריסן חבר מאיר קאַסטאָף צו זיין 50 יאָריקן יובילעי. מייל־מאָל וואונדערן מיר זיך ווי אַזוי אַ קליינע אָרגאַניזירטע גרופּע מיט 25 יאָר צוריק אין די רייען פון די פּועלי ציון און אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַר־באַנד, האָט געקאָנט אויסאיבן אַ ווירקונג און השפּעה אויף די ברייטע אידישע מאַסן אין אַמעריקע פאַר דעם געדאַנק פון ארץ ישראל, און פאַר דער קולטו־רעלער אַרבעט דאָ אין אַמעריקע.

זיך באַקענענדיג מיט חבר קאַסטאָף קאָן מען דעם ענטפער לייכט געפינען. חבר קאַסטאָף איז איינער פון דער גרופּע חברים וואָס האָבן מיט גרויס ענערגיע און איבערגעגעבענער אַרבעט, געוואונען פאַר זיך צענדליקער און הונדערטער, וואָס האָבן זיך געשטעלט צום דינסט דעם ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק.

קאַסטאָף אין אַן אָרגאַניזאַציע, איז שטענדיק די דינאַמישע קראַפט וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאר קיין שוועריקייטן. פּלענער, אויב זיי זענען אָנגענומען געוואָרן, דאַרפן זיי ווערן דורכגעפירט. דעריבער איז חבר קאַסטאָף אַזוי באַ־ליבט ביי אונדזערע חברים און ביי די אַקטיווע טוער אין פאַרבאַנד און פּועלי ציון.

ווינטשן מיר ביי דער געלעגנהייט חבר קאַסטאָפן, זיינע צווייטע פופציק יאָר טעטיגקייט זאָל זיין אַזוי אינטענסיוו און פּרוכטבאַר ווי די ערשטע. זאָל זיין ווירקונג ברענגען נאָך גרעסערע רעזולטאַטן.

ש. בורשטיין

סעקרעטאַר נ. י. שטאָט־קאָמיטעט, איד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד.

# באַגריסונג צו אַ טוער פאַרן אידישען נאַציאָנאַל פאָנד

ליבער און חשוב׳ער חבר, מאיר קאַסטאָף:

איך באַגריס אייך האַרציק, לכבוד אייער פופציקסטן געבורטסטאָג, און ווינש אייך פילע יאָרן פון פערזענליכן גליק און געזעלשאַפטליכע טעטיקייט.

דער אידישער „בחור הזועצער" איז געווען דער למד־וואָווניק פון דער ליטעראַטור. אַליין אַ נעלם, אָבער, אַ גאַנץ באַדייטענדער ידען, און בקי אין אידישע ענינים, פלעגט ער פאַרהיטן די מחברים און שרייבער פון גרויסע טעות׳ן און מיספאַרשטענדענישן.

איר, חבר קאַסטאָף, באַזיצט, אויסער די אויבנדערמאָנטע מעלות, אויך אַ סך ענערגיע פאַר געזעלשאַפטליכער אַרבעט. פאַר פילע יאָרן האָט איר געווירקט און געהאָלפן שאַפן פילע אינסטיטוציעס, נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע. איבערהויפט איז אייער פאַרצווייגטע אַרבעט לטובת ארץ ישראל זעהר אָנגעזען. פאַר׳ן נאַציאָנאַל פאָנד, נוצט איר אויס יעדע געלעגנהייט, צו באַרייכערן זיינע הכנסות.

לך בכוחך זה והושעת.

מיט גרויס אכטונג, **מ. א. זעלדין**

דירעקטאָר איד. נאַצ. פאָנד, ניו יארק.

# באַגריסונג פון חברים - זעצער אין ארץ ישראל

(אַן אויסצוג פון אַ בריוו, וואָס ח' קאַסטאָף האָט דערהאַלטן פונם „קלוב פועלי הדפוס" אין תל־אביב, א"י, און איז אָנגעקומען ווען דער זאַמלבוך איז שוין געווען אין פרעס).

תל־אביב, 1טן נאָוועמבער, 1935.

ליבער חבר קאַסטאָף, — שלום!

„... היינט אָוונט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע חברים פון „דבר" און פונם „קלוב פועלי הדפוס" און מיר האָבן דאָ אַלע דערמאָנט מיט שמחה אייער 50־יאָריקן יובילייִ. מיר, אייערע חברים פון ארץ־ישראל, וואָס האָבן געהאַט די געלעגנהייט מיט אייך זיך צו באַקאָנען נעהנטער בעת אייער באַזוך אין לאַנד, ווינטשן אייך לאַנגע יאָרן און פרוכטבאַרע אַרבעט לטובת ארץ־ישראל און אונדזער גערדאַנק בכלל און פון אידישן דרוקער־אַרבעטער בפרט. מיר ווינטשן אייך און אונדז, אַז מיר זאָלן זיך זען אין ארץ־ישראל און אַרבעטן צוזאַמען לטובת דעם לאַנד און אונדזער פאַך.

ח' קאַפלאַן (דער ניו־יאָרקער מאַשיניסט), האָט מיט דערפאָלג איינגעשטעלט די נייע ראָטאַציאָן־מאַשין מיטן סטערעאָטיפּ־אויסשטאַטונג, און אַלץ איז אין בעסטן אָרדנונג. אויף דער פייערונג, וואָס איז געווען אין „דבר" לכבוד דעם „לאָזן גייען" פון דער נייער מאַשין, האָט חבר רובאַשאָוו דערמאָנט מיט גרויס דאַנק די חברים - זעצער פון אַמעריקע, וואָס האָבן אַזוי פיל געהאָלפן ביים קויפן די מאַשינען, און איר, פאַרשטייט זיך, זענט, ווי תמיד, געווען דער טאָן־געבער פון דער אַרבעט. האַרציקע גרוסן פון אונדז אַלעמען. שלום! להתראות!

צווישן די אונטערגעשריבענע אויפן בריף זיינען דאָ: י. רוזנוין; שמואל דרורי; דב דרורי; שמואל פרוג; י. זעירא; מ. שטילמן; שרה; מ. זלמנוביץ; מ. לוינס; קנבסקי; י. אבקר; שמעון כץ; אבא ספדק; יוסף בקר; רבקה בקר; ס. קפלן; גרשון קרונפלד; פרץ; שטראַסס (אַ קריסטלעכער חבר פון ווין), און אייניקע אַנדערע, וועמעס התימות זיינען ניט קלאָר געשריבן. י. רוזנוין, סעק. פועלי הדפוס, ת"א.

נ. ב. — מיר שיקן אייך דאָ אויך אַן „ערן־מיטגליד קאַרט" (פנקס חבר) פון אונזער קלוב.

# פון דער פאַראייניקטער פאַרטיי
# פועלי ציון ־ צעירי ציון

ס'איז אַ באַזונדערער פאַרגעניגן צו באַגריסן אַזאַ איבערגעגעבענעם און טרייען חבר ווי מאיר קאַסטאָף, צו זיין פופציק יאָריקן יובילײ. די טעטיקייט פון אונדזער באַוועגונג אין ניו יאָרק איז ענג פאַר־בונדן מיט דעם נאָמען מאיר קאַסטאָף שוין פאַר פילע יאָרן. שוין אַ צייט זינט אין הויפט אָפיס פון דער פאַרטיי הערשט די איבערצייגונג, אַז יעדע אונטערנעמונג, יעדע טעטיקייט, צו וועלכע ח' קאַסטאָף לייגט צו זיין ענער־גישע חברשע האַנט, איז פאַרזיכערט אין פאָראויס מיט איר דערפאָלג.

ח' קאַסטאָפס אומערמידלעכע אַרבעט, זיין גרענעצלאָזע איבערגעבנקייט רייסט מיט אָפּגעשטאַנענע, וועקט פאַרשלאָפענע און מאַכט טעטיק כראָנישע פאַרטיי־„סלעקערס“.

מיר באַגריסן ח' קאַסטאָף און ווינטשן אים נאָך פילע, פילע יאָרן פון אַרבעט און מיטאַרבעט און זאָל ער נאָך זעהן די פאַרווירקלעכונג פון די אידעאַלן פאַר וועלכע ער האָט אַזוי טריי געקעמפט אַלע זיינע ביז איצטיקע לעבענס־יאָרן.

**דוד ווערטהיים, סעקרעטאַר**

## באַגריסונג פון י. ל. פרץ ברענטש 83, א. נ. אַ. פ.

די עקזעקוטיווע פון י. ל. פרץ ברענטש 83, אידיש־נאַציאָנאַלער ארבעטער־פאַרבאַנד, באַגריסט ח' מאיר קאַסטאָף צו זיין 50־יאָריקן יובילײ.

חבר קאַסטאָף איז איינער פון די גרינדער פון אונדזער ברענטש. פונם ערשטן טאָג פון זיין אריינקומען אין ברענטש איז ער געווען אַקטיוו אין אַלע אַרבעטן פון ברענטש און פאַרנומען פאַרשיידענע אמטען.

ברענטש 83 שליסט זיך אָן מיט אַלע אנדערע צווייגן פון דער ציוניס־טיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע באַטייליקן זיך אין דעם יום־טוב, פון אויסדריקן אַנערקענונג צו חבר קאַסטאָף, און ווינשען אים צו זיין טעטיק נאָך אַ סך יאָרן אין אונזער באַוועגונג.

פאַר דער עקזעקוטיווע,

ה. וואַקסבערג, פינ.־סעק. — א. ליטמאַן, פראָט.־סעק.

# באַגריסונג פון דער ליג פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ ישראל

צום יונגן יובילאַר, חבר מאיר קאַסטאָף, — אונזער אויפריכטיק חבר'שע באַגריסונג. דורך זיין לאַנג־יאָריקן און אומקאָנדיציאָנעל־טרייער דינען דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָט זיך חבר קאַסטאָף דעראָבערט אַן אייגנאַרטיקע פּאָזיציע אינם אידישן אַרבעטער־לעבן. דורך זיין אומרואיקן טעמפּעראַמענט, פּראָדוקטיווער לייסטונג און נשמה'דיקע באַציאונג, איז זיין בייטראָג צו דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער און ארץ־ישראל אַרבעטער־טעטיקייט פון גאָר אַ באַזונדערער חשיבות.

קאָן ער באַ זיין יובל מיט שטאָלץ קוקן אויף זיין פאַרגאַנגענעם לעבן. זאָל ער זוכה זיין צו זען די פולע פאַרווירקלעכונג פון זיינע חלומות און שטרעבונגען.

**פּנחס קרוזאָ**, סעקרעטאַר.

# באַגריסונג פון אַמאָפּטייל פון יידישן ווּיסנשאַפטלעכן אינסטיטוט

דער אַמאָפּטייל פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט באַגריסט האַרציק דעם יובילאַר, חבר מאיר קאַסטאָף, צו זיין פופציק־יאָריקן געבוירן־טאָג. חבר קאַסטאָף איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. ער האָט געהאָלפן זאַמלען ביכער און מאַטעריאַלן פאַרן אינסטיטוט און פון 1928טן יאָר איז ער אַ מיטגליד פון אַמאָפּטייל און האַלט אָן זיין מיטגלידערשאַפט אָן אַן איבעריים. חבר קאַסטאָף האָט ליב די יידישע קולטור און האָט דרך־ארץ פאַרן יידישן געדרוקטן וואָרט. ווינטשן מיר אים נאָך לאַנגע יאָרן פון ליבע און אַכטונג פאַר דער יידישער ליטעראַטור און דער יידישער וויסנשאַפט.

**אַמאָפּטייל פון יידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט**

הונדערט־צוויי־און־צוואַנציק

באַגריסונג פון

# דוד פינסקי פאָלק־שול, בראַיטאָן

עס איז שווער פאַר אונדז צו געבן אַן אָפּשאַצונג פון חבר מאיר קאַסטאָפּ׳ס וויכטיגקייט פאַר אונדזער שול אין ברייטאָן. ווייל חבר קאַסטאָף וואוינט ערשט אַ קורצע צייט אין אונדזער געגענד. אָבער שוין זיין קומען אַליין צו אונדז אין געגנד, זיין נאָמען אַלס אַקטיווער טוער אין אונדזערע שולן וואו ער האָט נאָר געוואוינט און זיין קומען צו אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג דאָס ערשטע מאָל נישט געראָפּענערהייט, האָט אונדז געגעבן מוט צו מער אַקטיווע אַרבעט אַרום דער שול.

זיין אָנוועזנהייט ביי עטליכע פון אונדזערע ימים־טובים האָט אונדז פיל געהאָלפן צו שאַפן מעגלעכקייטן צו ענדיקן דעם לערן יאָר מיטן קלענסטן דעפיציט, וואָס אַ שול קאָן זיך ווינשען.

עס איז דעריבער ביי אונדז אַ גרויס פאַרגעניגען צו באַגריסן חבר מאיר קאַסטאָף צו זיין פופציק־יאָריקן יובל. מיר ווינשן אים אריכת ימים און ער זאָל זיין ביכולת צו ווידמען זיין צייט פאר דער אינסטיטוציע, פאַר וועלכער אונדזער ליבער חבר קאַסטאָף איז אַזוי איבערגעגעבן אַלע זיינע יאָרן — די פאָלק שולן בפרט און דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישן געדאַנק בכלל.

**אין נאָמען פון דער דוד פינסקי פאָלק־שול, בראַיטאָן**

חברים פון דער פאַרוואַלטונג :

| | | |
|---|---|---|
| י. ביטשער | צ. קאַליסקי | ש. קאַפּלאַן, פּאַרזיצער |
| מ. ערעלסאָן | ש. שאַפּירא | מ. מייזער, פינ. סעק. |
| א. געלער | מ. שניידער | ע. גען, באַריכט סעק. |
| | | א. דובין, לערער. |

## א מוסטער פון דער אַנקעטע פאַרן „ביאָגראַפישן לעקסיקאָן פון אידישע זעצער" וועגן וועלכער אלכסנדר האַרקאַווי דערמאָנט אין זיין בריוו (ז"ז 33־34)

1) נאָמען און פאַמיליע; 2) טאָג, חודש און יאָר פון געבורט; 3) געבורט-אָרט; 4) עלטערן; 5) דערציאונג און בילדונג; 6) וויכטיקע געשעענישן אין לעבן; 7) אָנהויב פון אַרבעט אין דרוקער־פאַך: א) אַ דאַנק וועמען; ב) אין וועלכער דרוקעריי; ג) וואָס פאַר אַ סאָרט אַרבעט? 8) אַנטייל אין פאַרטיי-דרוקערייען, אויך אומלעגאַלע, און די וויכטיקע עפּיזאָדן אין פאַרבינדונג מיט דער דאָזיקער אַרבעט; 9) וועלכע צייטונגען, זשורנאַלן און אַנדערע פּעריאָדישע אויסגאַבעס געהאָלפן זעצן, אין אידיש אָדער העברעאיש? 10) רשימה פון באַקאַנטע ווערק אין דער אידישער אָדער העברעאישער ליטעראַטור, וועלכע געהאָלפן זעצן אָדער אַליין געזעצט אייננאַנצן; 11) אויב אויך געטאָן שריפטשטעלערישע אַרבעט, וואָס פאַר אַ סאָרט אַרבעט? 12) באַגעגענישן מיט שריפטשטעלער, וועמעס ווערק געזעצט, און אויב פאַראַן אַזעלכע, אנגעבן עפּיזאָדן און כאַראַקטעריסטישע מאָמענטן, סײַ וועגן פּערזאָנען, סײַ וועגן די אויסגאַבעס; 13) אויב אויסגעוואַנדערט פון היים-לאַנד, פאַרוואָס און אונטער וועלכע באַדינגונגען? 14) די צופּאַסונג פון דער אַרבעט אין נייעם לאַנד; 15) אַנטייל אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, אין דרוקער-פאַך און אין דער אַרבעטער-באַוועגונג בכלל; 16) שטענדיקער וואוינאָרט און איצטיקע באַשעפטיגונג; 17) בילד.

**נאָכבאַמערקונג:** די אַנקעטע באַציט זיך ניט בלויז אויף אידישע און העברעאישע זעצער, נאָר אויך אויף קאָרעקטאָרען. אַ חוץ דעם וועלען אויך געוויסע אידישע דרוקער, פּרעסלייט און אייננבינדער אַריינגענומען ווערן אינם „ביאָגראַפישן לעקסיקאָן", אויב זיי וועלן האָבן עפּעס צו דערציילן, וואָס זאָל זיין פּאַסנד געדרוקט צו ווערן אין אַזאַ מין ווערק.

אין דער אַנקעטע וועלן זיך קאָנען באַטייליקן אידישע און העברעאישע זעצער, אָבער ניט אידן-זעצער, וועלכע זעצן אַנדערע שפּראַכן און וועלכע קאָנען ניט קיין אידיש אָדער העברעאיש, אָדער האָבן קיין שום שייכות ניט מיט אידישער אָדער העברעאישער זעצעריי.

קיינער דאַרף זיך ניט צוריקהאַלטן פון שרייבן, אפילו ווען ער קאָן ענטפערן נאָר אויף אייניקע פראַגן, און ניט אויף דער גאַנצער אַנקעטע. — מען קאָן אויך ענטפערן פאַרשיידענע נומערירטע פראַגן אויף אַ באַזונדערן בויגן פּאַפּיר, ניט נאָר אויף דער געדרוקטער אַנקעטע.

דער „ביאָגראַפישער לעקסיקאָן פון אידישע זעצער" וועט זיין אַ טייל פון אַ בוך וועגן אידישע זעצער, צו וועלכן דער מאַטעריאַל ווערט איצט געקליבן און צוגעגרייט צום דרוק. דער וואָס ענטפערט אויף דער אַנקעטע — אפילו טיילווייז — קאָן אויך אָנשרייבן אַן אַרטיקל אָדער זיינע פּערזענלעכע עראינערונגען אַלס זעצער; ער קאָן אויך שרייבן וועגן אַנדערע אידישע זעצער, סיי די וועלכע זיינען שוין ניט באַשעפטיגט ביים פאַך, אָדער וועלכע זיינען שוין ניטאָ צווישן די לעבעדיקע.

די רעדאַקציע פונם „לעקסיקאָן" און פונם „בוך וועגן אידישע זעצער" וועט דאַנקבאַר זיין צו אַלע פּריוואַט-שרייבער און קאָלעגן-זעצער פאַר אַרויסהעלפן איר מיט וויכטיקער אינפאָרמאַציע בנוגע. מאַטעריאַלן, וועלכע מען קאָן באַנוצן פאַר אַזאַ אַרבעט, ווי אויך מיט צושיקן נעמען און אַדרעסן פון זעצער, צו וועמען די אַנקעטע דאַרף — לויט זייער מיינונג — געשיקט ווערן. — ביז איצט איז די אַנקעטע צושיקט געוואָרן צו אַ גרויסער צאָל אידישע און העברעאישע זעצער, אין רעדאַקציעס פון צייטונגען אין פאַרשיידענע וועלט-טיילן.

אַלע ענטפערס זאָלן געשיקט ווערן אויפן אַדרעס פונם סעקרעטאַר פון רעדאַקציאָנס-קאָלעגיום

M. Kastoff, c/o "The Day", 183 East Broadway, New York, N. Y.

# די באַטייליקטע אין יוביליי־בוך

**י. אדלער (ב. קאָוונער),**
הומאָריסט און פּאָעט, מיטארבעטער אין „פאָרווערטס".

**ד. איזאקאָוויץ,**
קאָרעספּאָנדירענדער סעקרעטאר פון דער שריפטזעצער יוניאָן; פּובליציסט; זעצער און קאָרעקטאָר אין „טאָג".

**ש. ה. אייבעלס,**
איינער פון די עלטערע זעצער אין דער יוניאָן; ארבעט אין „מאָרגען זשורנאַל".

**א. אלמי,**
פּאָעט, פּובליציסט און עסייאיסט.

**נ. אפרת,**
פינאַנס סעקרעטאַר פון דער שריפטזעצער יוניאָן. ארבעט אין „פאָרווערטס".

**מיכל אראנסאן,**
ערשטער רעדאַקטאָר פון „קענעדער אָדלער", ראָמאַנען־שרייבער, מיטאַרבעטער פון „מאָרגען־זשורנאַל".

**צ. א. אריאל,**
געהילפס - סעקרעטאַר פונ'ם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאָר די אידישע ארבעטער אין ארץ ישראל.

**נ. ארקוס,**
געוועזענער אומלעגאַלער דרוקער אין ווילנע, איצט אין וואוסטער, מאַסס.

**ש. בורשטיין,**
סעקרעטאָר פונם שטאָט־קאָמיטעט פון אידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער־פאַרבאַנד.

**ב. י. ביאלאסטאצקי,**
דיכטער, פּובליציסט, מיטארבעטער אין „פאָרווערטס".

**דר. יהושע בלאך,**
געלערנטער און פאָרשער; הויפּט פון דער אידישער אָפּטיילונג אין ניו יאָרק פּאָבליק לייברערי, 5טע עוועניו און 42טע גאַס.

**ה. בלום,**
פּרעזידענט פון דער אידישער שריפטזעצער יוניאָן, נומ 83; ארבעט אין „פאָרווערטס".

**דר. ש. בערנשטיין,**
העברעאיש - אידישער שריפטשטעלער; אָנפירער פונ'ם פּאַלעסטינע דעפּאַרטמענט אין דער ציוניסטישער ארגאַניזאַציע פון אַמעריקע; רעדאַקטאָר פון ציון־„פיידזש" אין „טאָג".

**מאיר בראון,**
געוועזענער פּרעזידענט פון אידיש־נאציאנאלן ארבעטער פארבאנד; איז איצט א תושב אין ארץ ישראל.

**ב. צ. גאָלדבערג,**
זשורנאַליסט - קאָלומניסט; מיט - רעדאַקטאָר פון „טאָג".

**ב. י. גאָלדשטיין,**
נאָוועליסט, טעאַטער־קריטיקער, מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**פ. גינגאָלד,**
סעקרעטאַר פון אידישן לערער־סעמינאַר און מיטגליד פון גענ. עקז. אידיש-נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

**שאול גינזבורג,**
ערשטער רעדאַקטאָר פון פּעטערבורגער „פריינד" און וויכטיקער אידישער היסטאָריקער.

**דר. י. גראָסמאן,**
טשיף מעדיקאַל עקזאַמינער פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד; באַוואוסטער לעקטאָר איבער מעדיצינישע פראַגעז.

**מ. דאנציס,**
זשורנאַליסט, שריפטשטעלער, מיטאַרבעטער פון „טאָג".

**ס. דינגאָל,**
זשורנאַליסט; פאַרוואַלטונגס - רעדאַקטאָר פון „טאָג".

**נ. דראָשער,**
געוועזענער פּרעזידענט פון דער שריפטזעצער יוניאָן, פון די עלטערע און אַקטיווע מיטגלידער אין דער יוניאָן פאָר אַ סך יאָרן; ארבעט אין „טאָג".

**אלכסנדר הארקאווי,**
עלטסטער אידישער פילאָלאָג און שריפטשטעלער.

**א. העמלין,**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין און געוועזענער סעקרעטאַר פון דער פּועלי־ציון פאַרטיי.

**ש. ווינער,**
מיטגליד פון דער שריפטזעצער יוניאָן; קאָרעקטאָר און זעצער אין „טאָג"; האָט מיטגעארבעט אין „ספּינאָזאָ בוך".

**ד. ווערטהיים,**
סעקרעטאַר פון דער פּועלי-ציון - צעירי-ציון פאַרטיי אין אַמעריקע.

**מ. א. זעלדין,**
ניו יאָרקער דירעקטאָר און אָנפירער פונ'ם אידישן נאַציאָנאַל - פאָנד.

**י. חייקין,**
זשורנאַליסט; מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**י. יאקובאָוויטש,**
מיטגליד פון דער שריפטזעצער יוניאָן; ארבעט אין דער „פרייהייט".

**א. ליעסין,**
פּאָעט, פּובליציסט; רעדאַקטאָר פון „די צוקונפט".

**נ. ב. לינדער,**
זשורנאַליסט; מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**מ. ליבמאַן,**
געוועזענער זעצער; איצט געשעפטסמאַן אין דזשוירזי סיטי.

**א. מאַיראָוויטש,**
פּעדאַגאָג; לערער און אָנפירער פון דער א. ליעסין פאָלק־שול און ביבליאָטעק אין די בראָנקס; מיטגליד פון גענ. עקז. פונם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

**דר. ש. מאַרגאָשעס,**
פּובליציסט; הויפּט - רעדאַקטאָר פון „טאָג".

**מ. מאַשעוויצקי,**
העברעאישער לערער און פּעדאַגאָג; טוער אין ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

**מ. מכתם,**
באַלאַנטער ארב. רינג טוער פאַר לאַנגע יאָרן; איז טעטיק אין געזעלשאַפטלעכע און ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען.

**ש. ניגער,**
ליטעראַטור - קריטיקער און זשורנאַליסט. מיטאַרבעטער פון „טאָג".

**מ. סאַוויצקי,**
מיטגליד פון דער שריפטזעצער־יוניאָן פאַר לאַנגע יאָרן. אַרבעט אין „פאָרווערטס".

**דר. מרדכי סאָלטעס,**
וויצע־פּרעזידענט פונ'ם אַמעריקאַנער אידישען קאָנגרעס; דירעקטאָר פון דזשואיש וועלפער באָרד; פאַרפאַסער פונ'ם בוך „די אידישע פּרעסע אין אַמעריקע" (ענגליש).

**ל. סיגאַל,**
גענעראַל - סעקרעטאַר פונ'ם אידיש - נאַציאָנאַלן אַרבעטער - פאַרבאַנד און באַוואוסטער ציוניסטיש - סאָציאַליסטישער פירער.

**י. סלאָנים,**
דיכטער און זשורנאַליסט; מיטאַרבעטער פון „טאָג".

**ב. סמאָל,**
אַקטיוועער טוער אין דער שריפטזעצער־יוניאָן; אַרבעט אין „מאָרגען זשורנאַל".

**וו. עדלין,**
פּרעזידענט פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין; פּובליציסט און טעאַטער־קריטיקער; מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**דוד פּינסקי,**
דראַמאַטורג און בעלעטריסט; פּרעזידענט פון אידיש - נאַציאָנאַלן אַרבעטער - פאַרבאַנד און פאָרזיצער פון איד. קולטור־געזעלשאַפט.

**נ. פּאָמעראַנץ,**
מיטגליד פון דער שריפטזעצער - יוניאָן פאַר לאַנגע יאָרן; אויך באַקאַנטער פּובליציסט און מיטאַרבעטער אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

**ב. י. פּערלמוטער,**
מיטגליד פון דער שריפטזעצער־יוניאָן; עקז. מיטגליד פון י. ל. פּרץ בר. 83, א.נ.א.פ. אַרבעט אין „טאָג".

**מ. פיינסטאָון,**
סעקרעטאָר פון די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן און פאָרזיצער פונם אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט פון געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַר די אידישע אַרבעטער אין א"י.

**מ. פישער,**
סעקרעטאָר פונ'ם ניו יאָרקער קאָמיטעט פון אידישע פאָלק־שולן און צענטראַלע מיטלשול פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרב. פאַרבאַנד.

**ש. ז. צוקערמאַן,**
זשורנאַליסט; מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**פ. קרוזא,**
נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער ליגע פאַר דאָס אַרבעטנדע ארץ - ישראל.

**דר. מאיר ל. ראָזאָף,**
באַוואוסטער ספּעציאַליסט דענטיסט־כירורג און לעקטאָר; איז דער גרינדער און פּרעזידענט פון „גן־רש"ל" און די „גני הדר"־פּלאַנצונגס־גרופּען אין ארץ ישראל.

**נ. ראָזענאויער,**
געוועזענער פּרעזידענט פון דער שריפטזעצער יוניאָן; מיטגליד פון עקז. קאָמ. און אַקטיוועער טוער פאַר לאַנגע יאָרן. איז אויך אַן אַדוואָקאַט און טעטיק אין סאָצ. פּאַרטיי.

**מ. ראָזענמאַן,**
פּראָטאָקאָל סעקרעטאָר פון דער שריפטזעצער יוניאָן; אַרבעט אין „מאָרגען־זשורנאַל".

**צ. ה. רובינשטיין,**
זשורנאַליסט - פּעליעטאָניסט; נייעס־רעדאַקטאָר פון „טאָג".

**י. י. שוואַרץ,**
פּאָעט און איבערזעצער פון דער העברעאישער קלאַסישער פּאָעזיע.

**זכריה שוסטער,**
זשורנאַליסט; מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**משה שטאַרקמאַן,**
ליטעראַטור - און פּרעסע - פאָרשער, מיטאַרבעטער פון די ייוו"אָ - אויסגאַבעס און מיטאַרבעטער אין „טאָג".

**יוסף שלאָסבערג,**
פּובליציסט און אַרבעטער - פירער; סעקרעטאַר־טרעזשורער פון אַמאַלגאַמייטעד ק. וו. יו. (שניידער יוניאָן) און פאָרזיצער פונ'ם געווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַר די אידישע אַרבעטער אין פּאַלעסטינע.

**ש. פ. שעהנפעלד,**
געוועזענער פּרעזידענט פון דער שריפטזעצער - יוניאָן; מיטגליד פון עקז. קאָמ. און איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין דער יוניאָן פאַר די לעצטע 43 יאָר; אַרבעט אין „מאָרגען זשורנאַל".